# היסטאריע

דער אויס געוואָרפענער

# מאטראז

אדער

דיא שיף בראך ביא דיא חינישע מדינה

ערשטער טייל

ארום גיגעבן פאן

איטשע רעוויזארסקי בדחן פאן קינצק




## ווארשא

שנת תרל"ה לפ"ק

אייגענטהום אונד דרוק פאן נתן שריפטגיסער


## ДЕРЪ МАТРОЗЪ

ТОМЪ 1.


ВАРШАВА 1874

Въ Типографіи Н. Шрифтгиссера

на улице Налевки N. 2242

# הקדמה

מִיט דִיא הִילְף פוּן אוּנְזֶער גָאט :
אס הִימֶל אוּנ עֶרְד בַּאשַׁאפִין הָאט :
אך אִיךְ אֵיין זַאךְ :
ן מַיין שְׁטַאנְד אִין מַיין פַאךְ :
ייל אִיךְ הָאבּ פִיל בִּיכֶער גִילֶעזִין :
אס זַיי זָענֶן נִיט קַיין גְרוֹס וֶועזִין :
וּנ מֶען טוּט זַיי גִישְׁט שְׁטֶערִן :
אף אִיךְ אַז מֶען וָועט אוֹךְ מַיין וֶוערְק עֶהרֶען :
ךְ דִי אוֹף גִיקְלֶערְטֶע פוּן אוּנְזֶערֶע יוּרִן :
הָאף אִיךְ דָם זַיי וֶועלִן אוֹךְ זַיין צוּ פְרִידֶען :
יךְ מַיין נִיט יֶענֶעם צוּ שֶׁענְדִן אוּנ מִיךְ צוּ לוֹיבִּן :
ם מֶעג מֶען מִיר זִיכֶער גְלוֹיבִּן :
ר פַר וָוס גִיט אַז אִיךְ בִּין אִין שְׁטַאנְד :
בֶּעשְׁרַייבִּין דָם פִירֶערְבְּטֶץ פוּן מַיין פְרֶעמְד לַאנְד :
ם אֵיין מַאטְרָאז הָט אִין חִינָא גֶעלִיטֶען :
נ וִוי מֶען הָאט זַיין לֵייבּ גִישְׁנִיטִן :
ר נִיט יֶעדֶערֶער טוּט דָם גְלַייבִּין :
ם יֶענֶער טוּט בֶּעשְׁרַייבֶּען :
פִיל מִיהֶע הֵט דֶר פֶערְפַאסֶער בִּיז מֶען טוּט דָם אָפּ דְרִיקֶען :
ר נָאךְ זָאגְט מֶען אַז דָאס אִיז נִישְׁט וֶוערְט אָן צוּא קוּקִין :
נ דָאס אִיז נָאר וַוייל דָם גֶעלְד אִיז בַּיי זַיי טַייֶער
וָואלְט גיקוֹפְט נָאר עֶס זָאל קָאסְטִין צְוַויי עֶקְסֶעמְפְּלַארִין
וין דְרַייֶער ;

# הקדמה

וָואלְט שוֹןבּגִיוָועזן דֶר רֶעדַאקְטָאר אַגוּטֶר אוּנ אַיין קִינְצְלֶעך קָאמְפַּאזִיטָער :
גָאר אַז דוּ ווִילְסְט וָוערְן אוֹיף גִיקְלֶערְט :
פַּאר שְׁטֵיי לוֹיט דִי מִיהע ווִי פִּיהְל דָס בּוּךְ אִיז וָוערְט :
אוּנ קַארְג נִיט קֵיין גֶעלְד :
וָועסְט דוּ ווִיסְן וָוס טוּט זִיךְ אוֹף דֶער וֶועלְט :
אַיךְ פַּאר הָאף אַז אוֹף דֶעם בּוּךְ וָועט זִיךְ יֶעדֶער פַּארְשְׁטֵיין
מַאנְעֶן אוּנ פְרוֹיֶען גְרוֹיס אוּנ קְלֵיין אִיר וָועט זִיךְ גֶעווֹי
גִיט נַארֶען :
אַז אִיר וָועט קוֹיפֶן עֶטְלִיכֶע עֶקְזֶעמְפְּלַארִין
אִיךְ פַּר הָאף צוּ הֶערִין מֵיין דַאנְק :
אוּנ דָם ווָעט זַיין פַּאר מֵיין אַרְבָּעט מֵיין גִישַׁאנְק :
אוּנ אַז דִי לֶעזֶער וֶועלְן צוּפְרִידָען זַיין :
וָועל אִיךְ קוּרְצְלִיךְ אַרוֹיס גֶעבְּן גָאךְ אֵיין וָוערְג ווָאם וָועט זַיי
גָאר פֵּיין :

אִיטְשֶׁע רעוויזארסקי פון קינצק

קאפיטל א) דָער שְׁטָארִים ווינד, אִין דֶער שִׁיף בְּרָאךְ:

פַאר עֶטְלִיכֶע יָאהְר צוּרִיק הָאט זִיךְ אֵיין גֶעווִיסֶער קוֹפְמַאן (סוחר) מִיט זַיין אֵייגִינֶע שִׁיף וָועלְכֶע גִיהַייסִין הָאט מִיט אִיר נָאמֶען וַואראג (יֶעדֶע שִׁיף אוּנ יֶעדֶער פַארַאבָאד הָט אֵיין נָאמִין) אוּנ מִיט פִּיל וַוארֶע (סחורה) אוּנ מִיט פִיהְל מַאטְרָאזִין. וְדִיא לַייט וָואס דינֶען אוֹיף דֶער שִׁיף הַייסִין מַאטְרָאזִין) אוֹיף דֶעם מֶעהְר. (ים) גִילָאסְט. פִּיל טֶעג הָאבִּן זֵיי גְלִיקְלִיךְ גְרֵייזְט אוֹף דֶעם מֶעהְר אוּנ זֶענְן פִּיל שְׁטֶעט אוּנ אִינְזְלִין פַר בַּייא גִישְׁווִימֶען אָן שָׁאדִין, אוּנ אֵיין גֶעווִיסִן טָאג וָוען זֵיי זֶענְן גִיקוּמֶען נָאהְנְט פוּן דִיא הִינְעשֶׁע בָּארְטִין אוּנ עֶס הָט אָן גִיהוֹבִּן נַאכְט צוּ וָוערִין, אוּנ דֶער הִימֶל וַואהְר לָאטֶער אוּנ רֵיין קְלָאר, נָאִיז פְּלִיצְלוּנג אָן גִיקוּמֶן אֵיין שְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁטָארִים ווִינְד אִין דֶעם אוֹיגְן בְּלִיק הָט זִיךְ אָן גִיהוֹבִּן דָם מֶעהְר (ים) צוּ שָׁאמִין אוּנ ווִי אִין אֵיין קֶעסִיל צוּ קָאכִין. אוּנ דִיא זֶעגִיל בֵּייטֶער הָאבִּין זִיךְ גִיבְּרָאכִין אִין דִי פַארָאכִין הָאבִין זִיךְ צוּא רִיסְן, אוּנ עֶס הָאט דִיא שִׁיף שְׁרֶעקְלִיךְ גִיוָוארְפִין אַז אִין אֵיין אוֹיגִין בְּלִיק אִיז דִי שִׁיף גִיוָועזְן טִיף אוּנְטֶער דֶעם וַואסֶער. אוּנ בַּאלְד הָאבִּין זֵיי ווִידֶער דִיא וַואלִין (אינדין) אוֹיף גִיהוֹבִּין גַאנְץ הוֹיךְ, אַלֶע וָואס הָאבִּין זִיךְ גִיפִינֶען אוֹף דִיא שִׁיף הָאבִּין זִיךְ צוּא גַאנְר גִיקְלִיבֶּען אוֹף דֶער אֵייבֶּער הֶעק פוּן דֶער שִׁיף מִיט גְרוֹס שְׁרֶעק אוּנ הָאבִּין זִיךְ אָן גִיהַאלְטִין בַּייא דִיא זֶעגִיל בֵּייטֶר אִין שְׁטְרִיק. קֵיין הִילְף פוּן עֶרְגִיץ הָאבִּן זַייא אַלֵיין פַר שְׁטַאנִין אַז זַייא קֶענְן נִיט קְרִיגֶען ווַייל דֶער ווִינְד הָאט זִיךְ אַלְץ גִישְׁטַארְקְט וָוס אַ מִינוּט מֶער: אוּנ עֶס הָט נָאךְ שְׁטַארְקֶער אָן גִיהוֹבִּן דִיא שִׁיף צוּ שְׁלַיידֶערִין,

אוּנ

אונ פֿיל וואַסער איז אין דיא פֿענצטער אונ אין דיא טירען אַריין גיגאַסין: אין וואס אַ מינוט איז אַלץ מעהר וואַסער אין דיא שיף אַריין אַז זיי האָבין ניט גיהאַט קרעפֿטין עם אויס צו פּלימפּען אונ אַלע שיפֿם לייט האָבין שוין גיקלערט אַז נאָך אין אַפּאָר מינוטין מוז דיא שיף אונטער גיין, פּלוצלונג האָט דיא שיף אָן גיהויבין צו קנאַקין אונ האַט זיך איין גיבויגן אויף אַ זייט אונ איז גיבליבן אויף איין זאַנד שטיין (וואס עס גיפֿינט זיך אין מיטן ים) אונ דיא וואַלין האָבין נאָך שטאַרקער אויף דער שיף גיוואָרפֿין גליך זיי וואָלטין פֿלייסיג זיא גוואָלט אויף שטיקער צו צו בראָכין: אין דעם גרויסען אַנגסט אונ שרעק האָט איין מאַטראָז דער זעהן דורך דיא וואַסער בערג (אין איין שטאַרעם ווינד שטעהן זיך די וואַלן אַזוי אויף ווי דיא מויערין אונ ווי די בערג אויף דעם ים) וויא עס פֿון ווייטען אין הייזער פֿייער ברענט:

(קאפיטל ב) דיא אומגליקליכע שיף לייט

מיט גרוים פֿרייד האָט אַ מאַטראָז אָן גיהויבין צו שרייען. לאַנד, לאַנד, גליך האָט מען פֿון דער שיף אַראָפּ גילאָזט קליינע שיפֿלעך אונ אַלע זענן אין דיא שיפֿלעך אַריין אום זיך צו רעטין אונ צום לאַנד צוא קומען, נאָר אום זונסט איז גיוועזן זייער אַרבייט מיט די רודער דער ווינד האָט דאָס קליינע גרינגע שיפֿעל אין אַלע זייטן וויא איין שפּענדיל גיוואָרפֿין אונ פֿיל מיט וואַסער אָן גיגאַסין, מיט גרוים שרעק האָבן זייא גיפֿילט וויא זייערע קרעפֿטין ווערין שלאַפֿער, אונ האָבן שוין גיוואָרט זייער לעצטע מינוט, אונ אום גליק. אין דעם אוֹגין

בליק

ליק איז איין שרעקליכער וואל אויף דעם קליינעם שיפעל
רוף, אונ האט דאס שיפעל אום גיקערט אונ אלע וואס אויף
דעם שיפל וואַרין זענין אין וואסער אריין:

קאפיטל ג) דס קומען מיט דעם קאמראט צום חינישען דארף:

אין דעם קליינעם שיפעל איז אויך גיזעסין איין געשיקטער ענגיל מייסטער וואס מיט זיין נאמין (גארי) גיהייסען האט: אונ איין יונגער חינער (אבער קיטייעטץ) וואס מיט זיין נאמין ליאו סינג) גיהייסן האט (וואס דא צו אונזערע געשיכטע צו זיין קומען) אונ די גאנצע צייט וואס זיי אויף דער שיף וואַרין האבין זייא וויא צוויא ברודער צוא זאמין גילעבט אונ האבין איינער דעם אנדערין צו דער יעדערע זאך צו גיהאלפין אונ ווען זייא האבן זיך גיוואלט רעטין אויף דעם קליינעם שיפעל זענין זיי אויך גיווען צו א זאמין אונ איינער דעם אנדערין ניט אפ גיטרעטין, אונ ווען די וואלין האבין דס קליינע שיפעל אום גיקערט האט זיך אונזערע ארעמער (גארי) מיט אלע קרעפטין אויף דעם וואסער גיהאלטין (ווייל ער האט גיקאנט גוט שווימען) אונ די שרעקליכע וואלין האבנאים ווי איין שפענדיל גישליידערט ביז איין וואל האט אים איין שטארקין וואָרף גיגעבן אונ אים אויף דעם בארטין (ברעג) ארויס גיוואָרפין אונ ווען דס וואסער איז צוריק אפ גישווימען האט זיך (גארי) מיט אלע קרעפטין בייא די בלאטיגע ערד גיהאלטין ביז ער איז צו איין קליין ביימיל צו גיקומען אונ אזו איז ער ביסלעך ווייס אן קרעפטין אונ צוא שלאגין ווייטער גיקראכין ביז ער איז אין (חלשות) גיפאלין, אונ ווען ער איז צוא זיך אביסל גיקומען אונ האט אויף גמאכט דיא

אויגן

אוֹיגְן אִיז שׁוֹן גִוועזן טָאג אוּנ דֶער שְׁטָארֶעם וִוינְד הָאט שׁוֹן
גִיהאט אוֹף גִיהֶערְט אוּנ דִיא זוּן הָט גִישַׁיינְט , אִין אֵיין הַאלְבֶּע
וְוִיאַרְסְט פוּן בָּארְטִין אוֹף אַשְׁטִיק נָאמְר אִיז גָאךְ גְוֶועזן צוּא זֶעהְן
דִיא צוּ בְּרָאכֶענֶע שִׁיף גָאר פוּן דִיא שִׁיפְּם לַייט אִיז שׁוֹן קֵיינֶעם
נִיט גִיוֶועזן צוּ זֶעהְן . נִיט וַוייט פוּן דֶעם אָרְט וִויא (גארי) אִיז
גְוֶועזן אַרוּם גִיוָוארְפִין , אִיז גִישְׁטַאנְן אֵיין רַייךְ חִינִיש דָארְף דִי
צְוַויינֶען אוּנ גְרִינֶע בְּלֶעטֶער פוּן דִיא בֵּיימֶער הָאט מֶען אַדוּרְךְ
גִיזֶעהְן דִי שַׁיינֶע הַייזֶער אוּנ מִיצְעטֶען (גִיבֶּעט הַייזֶער) אוֹךְ הָט
(גארי) גִיהֶערְט וִוי מֶענְשִׁין פוּן וַוייטִינְם רֶעדִין צוּ אַזאמֶען דִי לַייט
הָאבְּן זִיךְ צוּ נָאנְד גִיקְלִיבֶּען אִין דִי גֶערְטְנֶער טֵייא צוּא רַייסְן
(אִין חִינָא הָאבְּן זֵיי אוּם מֵיינְסְטִן טֵייא גֶערְטְנֶער) הָאט (ג א ר י)
בַּאלְד גִיקְלֶערְט צוּא זֵיי צוּ צוּא גֵיין אוּנ זֵייא פוּן זַיין אוּם גְלִיק
צוּ פָאר צֵיילְן אוּנ צוּא בֶּעטִין אַז זֵייא זָאלְן אִים צוּ זִיךְ נֶעמְן ,
אָבֶּער מִיט שְׁמֶערְצִין הָאט עֶר זִיךְ דֶער מָאנְט אַז עֶר קֶען מִיט
זֵיי נִיט רֶעדְן וַוייל עֶר פַר שְׁטֵייט נִיט זֵייעֶר שְׁפְּרַאךְ , אַזוֹ אִיז עֶר
גִישְׁטַאנֶען אֵיין וַויילֶע פַר טְרַאכְט אוּנ זִיךְ אוּם גִיקוּקְט אִין אַלֶע
זַייטִין אַז וִויא עֶר וָואלְט וֶועמַן גִיזוּכְט אָבֶּער וִויא פָאר וְוינְדֶערְט
אִיז עֶר גִיוָוארְן אַז עֶר הָאט דֶער זָעהְן נִיט וַוייט פוּן עֶהם ,
אוּנְטֶער אֵיין בּוֹים אֵיין מֶענְטְשׁ אִין נָאסֶע קְלֵיידֶער שְׁלָאפִין , עֶר
אִיז גְלַייךְ צוּ אִים צוּ גִיגַאנְגֶען אוּנ אִים גוּט בֶּעטְרַאכְט , אָבֶּער
וַוי גְרוֹס אִיז זַיין פְרֵייד גְוֶועזן אַז עֶר הָאט אִין דֶעם מֶענְטְשׁ זַיין
בֶּעסְטְן קָאמְרַאט (ליאו סינג) דֶער קֶענְט (פוּן וֶועלְכִין מִיר דָא
הָאבִּין פְרִיעֶר גִישְׁמִיסְט) , אוֹיךְ הָט זִיךְ (ליאו סינג) זֵייעֶר
גִיפְרֵייד אַז עֶר הָט (גארי) דֶר זֶעהְן דִי קָאמְרַאטִין הָאבְּן זִיךְ מִיט

פרייד

פְּרֵייד אָרוּם גְענוּמֶען אוּנ הָאבְּן גִידַאנְקְט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגְן וָואס עֶר הָאט זַייא פוּן דֶעם טוֹט גִירֶעטֶעט אוּנ ווידֶער צוּא נַאנְד גִיבְּרֶענְגְט נָאךְ מֶער הָט עֶס גִיפְרֵייט (גארי) ווייל עֶר הָט גִיוַויסְט אַז (ליאו סינג) וֶועט אִים יֶעצְט צוּ נִיךְ קוּמֶען אוּנ דוּרְךְ אִים וֶועט עֶר ווידֶער קָאנְן צוּא אַיין אַרָאפֶּעשֶער שִׁיף קוּמֶען, ליאוּ סינג) הָאט גְלַייךְ (גארי) בַּיי דִיא הַאנְד גִינוּמֶען אוּנ אִיז מִיט אִים בַּאלְד אִין דֶעם עֶרְשְׁטְן דָארְף גִיגַאנְגֶען אוּנְאִים גִיזָאגְט דָס עֶר זָאל גָאר נִישְׁט שְׁרֶעקְן וָואְרן אִין דֶעם דָארְף וואוֹנְט זַיין אָנְקְל (פעטער) אַיין רֵייכֶער טֵייא הֶענְדְלֶער אוּנ אַזוֹ אִיז אוֹךְ גִוֶועְן (גארי) אִיז מִיט פְרֵייד מִיט אִים גִיגַאנְגֶען:

(קאפיטל ד) דָאס עֶרְשְׁטֶע בַּקַאנְטְשַׁאפְט אִין חִינָא אוּנ דָס שֵׁיינֶע בַּוָואהְנוּנג פוּן דִי חִינִישֶׁע קוֹפְסְלַייטֶע:

דֶער קוֹפְסְמַאן סֶענְקָא. (אַזוֹ הָאט זַיין פֶּעטִיר גִיהֵייסְן) הָט זֵיי גַאנְץ שֵׁיין צוּא גִינוּמֶען אוּנ הָט זַייא בַּאלְד גִיהַייסֶען גֶעבִּין אַנְדֶערֶע קְלֵיידֶער אוּנ אַיין הִיפְּשֶׁען פְּרוּשְׁטִיק, אִיר קֶענְט בַּייא מִיר בְּלֵייבְּן וִוי לַאנְג אַייךְ וֶועט גְפֶעלְן הָט עֶר זֵיי גִיזָאגְט, פוּן וֶועלְכִין (גאר) גַאנְץ צוּ פְרִידֶען אִיז גִוֶועזְן, וַוייל עֶר הָט נֵייט ג גִיהַאט זִיךְ אָפּ צוּרוּהֶען נָאךְ זַיינֶע שְׁמֶערְצִין פוּן שִׁיף בְּרָאךְ: אוּנ וִוי (גארי) הָט זִיךְ שׁוֹן גִיהַאט עֶטְוָואס אוּם גִירוּט הָט עֶר מִיט גְרוֹס פַאר גֶעְנִיגֶען נָאךְ גִיקוּקְט דָס אוֹיף פִירִיכְץ פוּן דִיא אַיין וואוֹנֶער. דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל הָאט בַּי א (גאר) אַלְץ ווילְד אוֹיס גְווֹיזִין נָאךְ מֶער הָאט עֶס גְעוואוּנְדֶערְט וִוי דִי צִימֶער'ן זֶענְן גִוֶועזְן אוּם גִיצִירְט, דָס וואוֹנוּג וָוס דֶער קוֹפְסְמַאן סֶענְק עֶר הָט בַּאוואוֹנְט אִיז גִוֶועזְן פוּן דְרֵייא גְרוֹסֶע פַּאלַאצִין אַרוּם מִיט אַיין גְרוֹסֶען

גְרוֹסֶען שֵׁיינֶעם בַּאלְקָאן (גאניג) , אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין הוֹף פַּאלַאץ
אִיז גְוֶועזֶן שֵׁיינֶע פַאבְּרִיקֶען פוּן זֵיין הַאנְדֶעלְס גִישֶׁעפְט . דֶער
צְוֵוייטֶער פַּאלַאץ אִיז גִיוֶועזֶן אוֹיךְ גַאנְץ הֶערְלִיךְ אוּם
גִיצִירְט דָס אִיז גְוֶועזֶן גֶעסְט צוּא צוּ נֶעמֶן , אִין דֶעם דְרִיטֶן
פַּאלַאץ וָוס עֶס אִיז גְוֶועזֶן צוּם שֶׁענְסְטֶן אוּנ גַאנְץ רַייךְ אוּם
גִיצִירְט , הָאט גְוואוֹנְט דֶער קוֹפְּמַאן זָעלְבְּסְט מִיט זַיין
פַאמִילְיֶע , אִין דֶעם דְרִיטֶען פַאלַאץ אִיז גְוֶועזֶן אַזוֹ פִיל רַייךְ קַייט
וָוס עֶס אִיז גָאר נִישְׁט צוּ דֶער שְׁרַייבִּין , אִינְוֵוייְנִיק דֶער פַאלַאץ
אִיז גִיוֶועזֶן בַּאדֶעקְט מִיט גָאלְד , אוּנ דִיא וֶוענְט אוּם גִימָאלְט
מִיט אַלֶער וְאוּם דֶער וַוייְלְטֶער פַארְבּ , אוּנ אַלֶע הַאנְד בְּהֵמוֹת
(חיות) אוּם גִימָאלְט אוּנ זֵייא הָאבִּין זִיךְ אוּם גִיוִויזֶן גְלַייךְ זֵייא
וָואלְטֶען גִילֶעבְּט . דִי פַאהֵלִין זֶענֶן גְוֶועזֶן מִיט בְּלוּמֶע טַייֶערֶע
זֵיידֶענֶע צֵייגִין אוּנ טַייֶערֶע דִיוַואנֶעם בַּאדֶעקְט . אִין אֵיין
קִינִיגְלִיכֶען הוֹף דַארְף עֶס בֶּעסֶער נִיט צוּ זַיין , קָארְץ גִישְׁמוּסְט
עֶס הָט פַר בְּלֶענְט דִי אוֹגִין :

(קאפיטל הָ) (דָס פַר בְּרֶענֶן דִי מַאגַאזִינֶען פוּן דִי רַייבֶּער אוּנ
דָס גְרוֹסֶע רֶעטֶאנְג פוּן (גארי) אוּנ דֶער פַאר
לָארִינֶער זוּן) :

אִין דֶער צַייט וָואס (גארי) אִיז גִיוֶועסֶן בַּייא דֶעם קוֹפְּמַאן
אוּנְזְהָאט זִיךְ אוּם גִירוּהְט פוּן דֶעם שְׁוֶוערְ בְּרָאךְ , הָט עֶר אַלְץ
גִיקְלֶערְט מִיט וָוס דֶעם קוֹפְּמַאן אָפּ צוּ דִינֶען פַר זַיין גוּטֶעס
צוּ נֶעמִין , נָאר נִיט לַאנְג הָאט (גאר) גִידַארְפְ'ן וַוארְטִין , אוּנ
אֵיין נֶעוִויסֶען טָאג אִיז דֶער קוֹפְּמַאן סֶענְק' גִ'פָארִין נִיט וַוייט
פוּן אִיםפ אִין אֵיין גְרוֹיסֶע שְׁטָאט זַיינֶע מַאגַאזִינֶען צוּ בַּאזוּכֶן
אוּנ

אונ הָט (גארי) מִיט גִינוּמֶען . אִין דֶען זֶעלְבֶּען טָאג וֶוען זֵיי זֶענֶן אַהִין גִיקוּמֶען הָאבֶּען זֵייא גִיטְרָאפִין אַלֶע סְקְלַאבֶען אונ מַאגְזִינֶען בְּרֶענֶן וָוס רֵייבֶּער הָאבִּין דָם אוּנְטֶר גִיצִינְדֶען, דָא הָאט (גארי) זַיין גְרוֹם גֶעשִׁיקְדִיקֵייט בַּאוִויזֶן עֶר הָט פִּיל רַייבֶּער פַר טְרִיבֶּן אונ גִיפַאנְגֶן גִנוּמֶען , אונ הָט מִיט זֵייא וִוי אַיין לֵייב גִישְׁטְרִיטֶען . אונ הָט זִיךְ פִּיל מָאל אִין פַייֶער גִוָוארְפֶן אונ פִּיל (ווארע) סְחוֹרָה גִירֶעטֶעט . דָא הָאט (גארי) פִּיל טְרֵייֶע אונ דִינְסְט דֶעם קוֹפְּסְמַאן בַּאוִויזֶן , דָאם פֵייֶער הָט אָבֶּער אַזוֹא שְׁטַארְק גִוָוערְקְט אונ דִיא מַאגְזִינֶען אָרוּם גִינוּמֶען אַז עֶם אִיז שׁוֹן אוּם מֶעגְלִיךְ גִוועזֶן צוּ צוּ טְרֶעטֶן . אִין דֶער צֵייט הָט דֶר קוֹפְּסְמַאן סֶענְקִימָא מִיט זִיךְ מִיט גִיהַאט זַיין אֵיינְצִיגֶען גִלִיבְּטֶען זוּן פוּאֶדְרִינְק וָועלְכֶער נָאךְ גָאר יוּנְג וַואהְר , וִוי דֶער פָאטֶער הָט גִיזֶען אַז דָם פַייֶער שְׁטַארְקְט זִיךְ זֵייֶער הָט עֶר גִיהֵייסֶן דִי שְׁטִיל טְרֶעגִיר . (אִין חִינָא זֶענֶן נִיט דָא קֵיין דְרָאשְׁקֶעס אונ וֶועגִין וִוי בַּיי אוּנְז נָאר עֶם זֶענֶן דָא אַזֶעלְכֶע שְׁטוּלֶן וָוס מֶען טְרָאגְט אוֹף זֵיי , אוֹךְ נָאר פוּן גְרֶעסֶערְן שְׁטַאנְד) אַז זֵיי זָאלֶן זַיין לִיבֶּן זוּן אַהֵיים טְרָאגְן . אונ אֵיין אַם הָאט עֶר מִיט גְשִׁיקְט אַז זִיא זָאל אוֹף אִים אַכְטוּנְג גֶעבִּין , אונ עֶר מִיט (גארי) זֶענֶן נָאךְ גִיבְּלִיבֶּען אוּם נָאךְ עֶטְוָואס פוּן פֵייֶער צוּ רֶעטִין . אָבֶּער אוּם זוּנְסְט אִיז גִוועזֶן זֵייֶער אַרְבֵּייט דֶען עֶם הָט זִיךְ אַיין וִוינְד אוֹף גִיהַאפְּט אונ דָם פַייֶער הָאט זִיךְ גִישְׁטַארְקְט אונ עֶם אִיז אַלֶץ פַאר בְּרֶענְט גִיוָוארְן אוֹף אַש . נָאר וִויא סֶענְקִימָא הָאט גִיזָעהְן אַז עֶם אִיז שׁוֹן נִיט דָא וָואס צוּא מַאכְן אִיז עֶר מִיט טְרוֹעֶרִיקֶע גִידַאנְקֶן אַהֵיים גִיגַאנְגֶן , אונ זַיינֶע פְרוֹיא אוּם צוּא

רעדין

רֶעדִין רֶען עֶר הָאט גְוִויסְט דָאס זִיא וֶועט: זִיךְ צוּא פִיל צוּם
הַארְצִן נֶעמְן :

(קאפּיטל ו) (דָאס זוּכֶען דָעם פַאר לָארִינֶעם זוּן אוּנ דִיא
וַואסֶער שְׁטָאט) :

נָאר וִויא גְרוֹס אִיז וִוידֶער זַיין שְׁמֶערְצִין גְוֶועזְן אוּנ וִויא פַאר
וִוינְדֶערְט הָט עֶר זִיךְ וֶוען עֶר אִיז אַהֵיים גִיקוּמֶען אוּנ זַיין פְרוּי
הָט אִים, אוֹיף דֶעם זוּן גִיפְרֶעגְט וֶועלְכְן עֶר פַאר עֶטְלִיכֶע טָאג
אַהֵיים גִישִׁיקְט הָט בִּיז יֶעצְט הָב אִיךְ אַלְץ גִימֵיינְט אַז אוּנְזֶער
לִיבֶּער זוּן אִיז מִיט דִיר, הָט דִיא מוּטֶער מִיט גְרוֹס גְוֵויין אוּנ
שְׁמֶערְצְן גִיזָאגְט, אָבֶּער יֶעצְט זֶעה אִיךְ אַז רֵייבֶּער הָאבְּן מֵיין
לִיבּ קִינְד צוּ גְנוּמֶען אוּם אִים צוּ פַאר קוֹיפְן פַר אַיין שְׁקְלַאוֶוע
(אִין חִינָא חַאפִּין זַייא מֶענְשְׁן אוּם מֵיינְסְט קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנ
פַר קוֹיפְן פַר קְנֶעכְט) אוּנ דֶער קוּפְּסְמַאן סֶענְקִימָא אִיז אוֹיךְ גַאנְץ
טְרָארִיג גְוֶועזְן פוּן דֶעם נַאכְרִיכְט אוּנ צְוֵויפְלְן אוּם גְלִיק, נָאר
דָאךְ הָאט עֶר נִיט אַזוֹא פִיל טְרָאוֶער אַרוּם גְוִויזְן, נָאר גִיקְלֶערְט
וָוס דָא צוּ מַאכְן אוֹיךְ זַיין קִינְד אָפּ צוּא זוּכֶען, עֶר הָט שׁוֹן
גִיזָאלְט גֵייֶען צוּא דֶעם מַאנְדְרִין (מַאנְדְרִין אִיז אוֹיף חִינֶעשׁ אֵיין
פָּאלִיצְמֵייסְטֶער) אוּנ אִים דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע צוּ פַר צֵיילְן אוּנ
פוּן אִים הִילְף צוּ בֶּעטִין, נָאר אִין דֶער זֶעלְבֶּע מִינוּט אִיז
אַרַיין גִיקוּמֶען דִי אַם אוּנ דִי שְׁטוּל טְרֶעגִיר וֶועלְכֶע הָאבְּן דָאס
קִינְד גִיטְרָאגְן אוּנ זֶענְן סֶענְקִימָא צוּא דִיא פִּיס גִיפַאלְן אוּנ מִיט
גְוֵויין אִים פַר צֵיילְט אַז ווִי זַיי הָאבְּן דָס קִינְד דוּרְךְ דֶער גְרוֹסֶער
הִינְטֶער גַאס גִיטְרָאגְן זֶענְן דִי רֵייבֶּער בְּעפַאלְן אוּנ דָאס קִינְד
אַוֶועק גִינוּמֶען אוּנ מִיט אִים צוּ דִי וַואסֶער שְׁטָאט אַנְטְלָאפְן (וַוייל

אין

אין חינא איז גאנץ ענג פאר די איין וואגער אויף די טריקעניש, האבן זיי גאנץ שיינע שטעט אונ היינער אויף דיא שיפלעך אויף דעם וואסער, פון דיא שטעט וועלן מיר שון שפעטער שמועסין) אונ מיר האבן זיך אויך קוים מיט דעם לעבן גירעטעט. נאר סענקימא האט גלייך פאר שטאנען אז די טרעגיר זענען פאר איינס מיט די רייבער. איהר פאר פלוכטע באטריגער האט סענקימא מיט צארן צו די טרעגיר גשריגען, אז איר וועט ניט גלייך דא דיא ווארהייט זאגין ווי איר האט מיין קינד אהין גיטועגן היים איך אייך אין דעם אוגין בליק קייטן אויף דעם האלז אונ פיס אן טוען אונ צום מאנדרין פירען, דיא טרעגיר האבן זיך דער שראקין אונ האבן גלייך די ווארהייט גיזאגט אז זייא האבן שון אזוי באשטעלט מיט דיא רייבער אז זיי זאלן דורך דער הינטער גאס די קינדער טראגן. אונ די רייבער צאלן זייא פאר יעדין קינד, דא האבן מיר דיר ליבער הער די גאנצע ווארהייט גיזאגט נאר אז דו וועסט נישט גיין היינט גלייך דאס קינד זוכען אונ אפ נעמן וועלן זייא עס מארגן אין איין אנדערע שטאט אריין פירען דענצמאל וועט עס שון שווער זיין צו גיפינען, גלייך האט זיך סענקימא פארטיי גימאכט צו גיין דם קינד זוכן אונ (גארי) מיט זיין קאמראט האבן זיך גבעטן מיט צו גיין אונ צוא צוא העלפן פאר וועלכן סענקימא זייא גידאנקט האט אונ עם האט אים גיפרייט ווייל ער האט גוויסט אז זיי וועלן אים צו ניץ קומען צו דעם גישעפט, ער האט גלייך דעם בראווין ליאו סינג גשיקט צוא דיא וואסער שטאט ער זאל אוב אכטונג געבן אויף דיא שיפען וועלכע אפ רייזן, אונ ער מיט (גארי) האבן זיך פאר

קליידעט

קלײדערט פר פישערס אונ זענן אין אײן טראקטיר גיגאנגן אין װעלכן זיך אום מײנסטן די רײבער אוף האלטן, אונ פילגלײכט דארט גיװאר צוא װערן עפים פון זײן ליב קינד, אונ אזו איז עס אויך גיװעזין. ער הט גלײך ערפארן (גיװאר גװארין) אז װען עס הט גיברענט אין דער גרוסע שטאט האט מען פיל קינדער גישטאלן, אונ נאך אײן פישער הט אים גיזאגט אז היינט אבינט װעט מען פיל קינדער אוף דעם װאסער אװעק פירן, סענקימא הט נאר ניט גיזאמט אונ גלײך מיט (גארי) צום װאסר גפארן װיא ער הט גיקלערט זיין זון צוא גיפינן נאר דער לעזער מוז אביסל גידולט האבן אונ מיר מוזן אביסל פון דער װאסער שטאט שמוסן, אזו װי איך הב פר שפראכין, אונ נאך װייל עס אונז צו אונזער היסטאריע . ז. ניטץ קומט :

(קאפיטל ז) די גרוסי אונ שײנע װאסר שטאט אונ אירע שײנע באװאגינגע אוף שיפלעך :

דיא װאסער שטאט איז גאנץ שײן צום אן זעהן אזו װיא מיר האבן שון גישמוסט. אײן גאנץ ברײטעס אונ שרעקליבעס באך װאס רופט זיך פעקיאנג (דס הייסט אוף חינש דם גרוסע פעריל באך. אבער די פעריל רזיקע) דר באך איז אוף עטליכע מייל באדעקט מיט פערציג טוזינד שיפליך װאס רופן זיך סאפאן גאם (דס הייסט פאמעליע שיפלעך) אוף די שיפלעך זענן גאנץ שײנע גיצעלטן אונ הייזער אונ עס באװאנט זייא דרײא מאל הונדערט טוזינט אײן װאנער דיא אײן װאנער פון דיא װאסער שטאט איז פאר באטן צוא װאנען אוף דער טריקענער ערד (יבשה) זייא מוזן נאר שטענדיג װאנען אוף די שיפלעך.

אוף די שיפלעך וועךן זיי גבארן אונ דארטן מוזן זיי שטארבן · עס טרעפט נאך אז פיל פון די זענן נאך צייטס לעבן אוף דר הארטער ערד גיט גוועזן , אונ חאטש זיי זענן זייער פיל פון דעסט וועגן איז ביי זייא אוף דעם וואסער גאנץ שיינע אונ ארינטליכע גאסן גישטעלט , אזו ווי די שענצטע אראפעשע שטעט , די איינוואוינער פון די וואסר שטעט האבן זיי מאנדרינע אונ פאליצייא אז עס ווערט אלץ אין בעסטן ארדינונג גיפירט. קארץ גשמועסט זיי האבן אלץ זייערס. אונ דארפן גאר נישט צו די לייטע פון דער טרוקען , אוך צו דער וואסר שטאט איז סענקימא אונ גארי אהער גיקומען , פיל ווינדערליכע זאכן הט (גארי) בייא דער וואסער שטאט גיזעהן נאר איך וויל דעם לעזער ניט אזוא פיל פאר ווייל(ן), קערן מיר זיך צווא ריק צווא אונזער היסטאריע. אום גיבער דס קינד צו גיפינען , האט (גארי) גיראטן איין עצה גיגעבן אז ער זאל די שווים הייזער באזוכן , נאר סענקימא האט דיא עצה ניט צו גינומען ווארום ער האט גזאגט אז די רייבער קענן דס מערקן אונ דם קינד בעסר אוף ראמען , נאר ער האט גיקריגען איין קליין שיפעל צווא דינגען , אונ זיך מיט (גארי) אריין גיזעצט מיט אלע פישערס אהין אונ אהער אוף דעם וואסער גישווימען , דער ווייל הט (גארי) צייט גיהאט דם געגן צו באזעהן :

(קאפיטל ח) (דאס טוטע קינד אונ דם וואסער שטיבער) :

אונ וויא זייא זענן אזוא גישווימען אוף זייער שיפעל האבן זיי גיטראפן איין טוט קינד שווימען . עס קען זיין א דאס אומגליקליכעס קינד איז זעלבסט אין וואסער ארי- גיפאלן

גיפאלן , און פיל לייכט האבן עס דיא עלטערן זעלבסט ערטרינקען . וארן ווען (גארי) איז נאך אוף דער שיף געוועזן האט ער גיהערט דער ציילן אז דיא חינער אליין ערמארדין זייערע קליינע קינדער וועלכע זייא קענען ניט ערנערן . אבער זייא פאר קופן זייא פר קנעכט . נאר אין דער יעצטדיקע צייט טרעפט עס ניט מער ; ווייל אנדערע לייטע האלטן עס פאר העסליך , וויא סענקימא איז געוועזן פאר טוען מיט זיינע גידאנקן . האט ער גאר ניט גיזעהן וויא זיין שיפעל איז צוא גישווימען צו איין גרוסע טראטווע אוף וועלכער עס איז גישטאנען איין קליין פישער שטיבל בעדעקט מט ראגזעס , דארט האט ער דער זעהן איין פרוען צימער (נקבה) און עטליכע קינדער וואס האבן זיך גרייט גימאכט פיש צוא פאנגען , אין דער צייט ווס סענקימא און (גארי) זענען צוא גישווימען צוא דער טראטווע האט דיא פרוען צומער גירופן דעם קופסמאן ביא זיין נאמין . סענקימא האט זיך מיט פארוואונדרונג אום גיזעהן האט ער דער קאנט דיא פישערין אין בעקאנטע פרויא וועלכע ער יעצט נישט לאנג איין נרוסע טובה איר גיטאן און עהם הט זייער גיפרייט ווייל ער האט גוויסט אז דיא פרוי קען עהם דא העלפין פון זיין אומגליק פון זיין קינד . סענקימא האט איר פאר ציילט פון זיין אום גליק , זאגט דיא פישערן איך האב מיך יעצט דער מאנט דעם היינטיגען טאג האב איך גיזעהן אז אין איין גאס האט מען אן גיגרייט איין קליין שיפעל . אז גוויס אין דעם שיפל איז אייער זון , און אזו וויא זיא האט זיי גזאגט אז דם קליינע שיפל מוז דא פאר ביא שווימען , האבן זייא זיך

פאדר

פֿאהר גינוּמען דָא בַּייא דֶעם פִּישֶׁער שְׁטִיבְּל אוּם צוּא הַארְן . אוּנ אוֹיף צוּ פַּאסְן דָם רֵייבֶּער שִׁיפְּל . אִין דֶער צַייט וִוי זַייא הָאבְּן נִישְׁטוּסְט אִיז דָער וַוייל נַאכְט גְוָוארְן . אוּנ סֶענְקִימָא הָט דֶער הֶערְט דָם רַאשְׁין אוֹיף דֶעם וַואסֶר , הָאט עֶר דוּרְךְּ אֵיין שְׁפַּארֶע פוּן דֶעם שְׁטִיבְּל אַרוּם גִיקוּקְט . יְהָאט עֶר גֶזֶעהן אַז צוּ דֶער טְרַאטְוָוע אִיז צוּ גִישְׁווִימֶען שְׁטִילֶער הֵייט אֵיין שִׁיפֶּעל אִין גַאנְצְן פַאר מַאכְט :

(קאפּיטל ט) (דָם רֵייבֶּער שִׁיפֶּעל אוּנ דֶער גֶעפִינֶענֶער זוּן) :

אוּנ וִויא דָאס שִׁיפֶּעל אִיז נָאנְט צוּ גִישְׁווִימֶען הָאט אִין דֶעם קוּפְּמַאן דָם הַארְץ אָן גְהוֹבְּן צוּ קְלַאפְּן , הָט עֶר שׁוֹן פַּר שְׁטַאנֶען אַז דָא מוּז גֶעווִים זַיין לִיבּ קִינְד זַיין , דֶען אוֹיגְן בְּלִיק הָאט דִי פִּישֶׁערְן אוֹיף גֶעבִּינְדְן אוּנ נָאךְ גִיקָאסְט דִיא טְרַאטְוָוע אוּנ זִיא הָאט עֶהם פַר שְׁטֶעלְט דֶעם וֶועג אוּנ עֶר אִיז גִיבְּלִיבְּן שְׁטֵיין אוּנ הָאט שׁוֹן גִיט גִיקָאנְט וַוייטֶער שְׁווִימֶען , אַזוֹא וִויא אֵיין פַייל פוּן בּוֹיגְן אִיז סֶענְקִימָא אוּנ (גארי) אִין דֶעם צוּא גְמַאכְטְן שִׁיפֶּעל אַרַיין גִישְׁפְּרִינְגֶן . אוּנ מִיט אַשְׁטִילֶעט אִין דֶר הַאנְד אִין דֶר קַאיוּטֶע אַרַיין (קְווִיאַטֶען רוּפֶען זִיךְ דִי צוּמֶערְן וָואס אוֹיף דִיא שִׁיפֶען זֶענֶען) נָאר דֶער רֵייבֶּער אִיז אוֹיךְ נִישְׁט גִישְׁלָאפִין אִין דֶער צַייט , אוּנ הָאט גָאר נִישְׁט גִישְׁרָאקִין פַר זֵייעֶר קוּמֶן . נָאר וִויא סֶענְקִימָא הָט גְוָואלְט דֶעם עֶרְשְׁטְן פִּיס אִין דֶר קַאוְויָאטֶע אַרַיין טוּעֶן , אִיז אִים בַּאלְד דֶער רֵייבֶּער אַנְטְקֶעגִין גְקוּמֶען מִיט אֵיין פִּיסְטָאלֶעט אִין דֶער הַאנְד , אוּנ עֶהם דֶעם וֶועג פַאר שְׁטֶעלְט אִיךְ וֶועל דִיר גְלַייךְ צֵייגְן וִויא אַזוֹ שְׁפֶּעט אוֹיף פְרֶעמְדֶע שִׁיפֶען צוּ גֵיין , אוּנ דֶער רֵייבֶּער הָט

אום גישאסן צו דעם קאפיטאן נאר דאס גליק וואהר דאס דיא קקאלע האט קיין פייער גיגעבן , אונ וויא דער רייבער האט גיוואלט דעם אנדערן פיסטאלעט חאפין , האט זיך (גארי) דעם אויגן בליק אוף עהם אוואָרף גיגעבן אונ עהם פעסט ביא דעם האלז גינומען , נאר דער רייבער איז אוך נישט שטיל גישטאנען אונ זיי האבן ביידע ווי דיא ווילדע חיות גישטריטן נאר (גארי) האט זיך ווי איין לייב גישטארקט אונ עהם צו דער ערד גישטערצט , אונ באלד עהם דיא הענד מיט אשטריק גיבינדן , אין דער צייט וויא (גארי) האט דעם רייבער גיבונדן הט סענקימא דער וויילר אין דר קאוויאטע גזוכט אונ האט גיהערט גאנץ שטיל קרעכצין אונטער איין פאר האנג , גישווינד איז סענקימא צוא גילאפן אונ זיין הערץ האט אן גיהויבן שטארק צו קלאפען , וויא ער האט די פאר האנג אוועק גימאכט האט ער דער זעהן מיט שרעק אונ מיט פרייד זיין ליבען זון , אונ לעבין עהם נאך זעקס קליינע קינדער וואס זענן גיוועזן פאר מאכט דיא אויגן גלייך וויא טוט . נאר (גארי) הט עהם גיזאגט אז ער זאל נישט שרעקן ווארום זייא לעבן אלע , נאר זייא זענן אן גיטרינקען מיט אפיום (שלאף גיטראנק) סענקימא אונ גארי האבן די קינדער איבער גיטראגן אין דעם פישער שטיבל אריין אונ האבן זיי אפ גיוואשין אונזיי גיגעבן הארץ דער לאבינג . אין אקליינע צייט זענן דיא קינדער צו זיך גיקומען . אונ האבן אן גיהויבן צו רעדן פון וועלכן סענקימא אונ גארי גרוס פרייד האבן גיהאט סענקימא האט צוא גיבינדן דאס רייבער שיפל צוא דער טראטווע אונ האט אן גיהויבן

אום

אום צו פרעגן דיא קינדער וויא אזוי זיי זענן גיפאנגן גיוואָרן ·
נאר זייא האבן גאר נישט גיוויסט צוא זאגן , נאר איין אלטע
פרויא האט זייא גיטראפן אויף דער גראָסע גאס . אונ האט זייא
אריין גיבעטין אין איין הינטער צומער דורך איין גארטין אונ
האט זייא צו גיזאגט צוא ווייזן איין קאמעדיא אונ האט זייא
גיגעבן קארמעלקעס אונ איין גלאז טייא אונ וואס מיט זייא
ווייטער איז גישעהן גידענקן זיי שון נישט :

(קאפיטל י) די גרויסע פרייד פון דיא עלטרן פון די קינדער ::

איין גרויסע פרייד איז גיוועזן צוא מארגינס בייא דיא
עלטערן פון דיא קינדער אז זייא האבן ערפארן אז זייא
זענען גיפינען גיוואָרן אין לעבן , מיט פיל טרערן האבין זייא
גידאנקט דיא רעטער פון זייערע קינדער אונ יעצט האט מען
שון ערפארן וואס מיט דיא קינדער איז גיוואָרן וואס ביז יעצט
זענען פארפאלן גיוואָרן אונ פיל עלטרן האבן זיך יעצט גוט
אום גיוויינט אז זיי האבן זיך דערמאנט אין זייערע קינדער וואס
שון פון איינגע יאהר פערפאלן גיוואָרן :

(קאפיטל יא) דאס דר גיין פון דיא רייבער באנדע :

דער רייבער וואס איז גיפאנגן גיוואָרן בייא גארי האט אום
גיזאגט פון דער גאנצער רייבער באנדע אונ ער האט גיצייגט
דאס אורט פון זייא איז מען זייא באפאלן אונ אלע גיפאנגן
אין דעם גריכט גישטעלט אונ זייא האבן באלד אלץ דער
ציילט אז שון פון עטליכע יאר איז דיא רייבער באנדע וואס
רויבין אונ פאנגן קינדער אונ פאר קויפין זייא, די רייבער האבן
זעלבסט באקענט דאס זיי האבן דאס יאר פיר הונדערט קינדער
גיפאנגין

גיפֿאנגן מען הט די אלע רייבער צום טוט פר ריכטעט :

(קאפיטל יב) דאס געשאנק אונ־דיא גרוסע גינאדע פון דעם באגדאכין :

דער חינישער באגדאכין דס איז ביי חינעזער אזו ווי אין טערקייא איין סולטאן אדער ווי ביי אונז איין קייסער הט גאנץ שיין בעשאנקין דעם קופמאן סענקימא פאר זיין געשיקטיקייט וואס ער הט ביי רייבער געצייגט. אונ די קליינע קינדער פון די רייבער אוף ווייטער בעפרייט, אונ סענקימא הט ווידער דעם גארי בעשאנקין אונד גידאנקט פיר דיא הילף וואס ער הט אים גיהאלפין :

(קאפיטל יג) דס איבער טראכטן פון גארי :

עס איז שון פאר ביי גילאפן איין האלב יאר ווי גארי איז אום גיווארפן געווארן קיין חינא (קיטייא) האטש ער האט אלע טאג געזעהן נייעס פירונג פון די חינעזער וואס עס וואר גאר אנדערשט ווי ביי אונז, גאר אזו ווי גארי הט צו הויזע גילאזט ווייב מיט קינדער הט ער גיבענקט נאך זיי אונ פיל מאל פאר טראכט, אונ גיקלערט אוב דער אלמעכטיגר וועט אים נאך געבן צו זעהן זיך מיט זייא, אונ גיווים בעקלאגט מען אים שון בייא זיין פאמיליע ווייל זיי דענקן דס ער איז שון טוט, גאר דער גוטער קופמאן סענקימא הט גאר ניט גמערקט זיין קומער אונ זיין זארגן, איין מאל ווי גארי איז גיוועזן אזו פאר טראכט הט אים דער קופמאן צוא זיך גרופן אונ צו אים גזאגט. דיין שלעכטע לאגע קאן מען העלפין, איך וועל מיט דיר פארן אין פעקין, דאס איז די רעזידענט שטאט פון קיטייא חינא)

אונ

אונ דָארְט וָועסְטוּ גְוִוים אֵיין אַרָאפֶּעשֶׁע שִׁיף מִיט דֵיינֶע לַאנְדם לֵייטֶע טְרֶעפְן נָאר דוא מוּזְט נָאךְ אַבִּיסל הָאבְּן גידולט דָאס עֶרְשְׁטֶע ווייל איךְ בִּין נָאךְ נִיט רֵייזֶע פֶערְטִיג אונ צְוַוייטֶענְס בִּיסְטוּ אָהְנֶע גֶעלְד נָאר דֶער וַוייל קאנְסְטוּ בַּיי מִיר זַיין אַלֶעס סוּבְּיֶעקְט אונ אִיךְ וָועל דִיר דַיינֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע קָאנוּנְג גֶעבְּן, קָאנְסְטוּ לַייכְט צווא גֶעלְד קוּמֶען דָאס זָאלְסְטוּ הָאבְּן אוּף רֵייזֶע קָאסְטְן . מִיט גְרוֹס פְרֵייד הָט גארי גִידַאנְקְט רֶעם קוּפְמַאן אונ עֶר אִיז בַּיי אִים אִין זַיינֶע מַאגַאזִינֶען פוּן טֵייא גִיבְּלִיבְּן אונ סֶענְקִימָא הָט אִים אוס גְלֶערְנְט ווִי עֶר זָאל דִי טֵייא פַּאקִין אונ גארי הָט עֶם בַּאלְד גוּט פַאר שְׁטַאנְן :

(קאפיטל יד) דִי רֵייזֶע נָאךְ פֶּעקִין :

אונ וִויא (גארי) הָאט שׁוֹן גִיהַאט פִּיל טֵייא גִפַּאקְט פַּאר סֶענְקִימָא הָאבְּן זֵיי זִיךְ אוּף דֶער רֵייזֶע פֶערְטִיג גִימַאכְט נָאר אֵיידֶער מִיר לָאזְן זִיךְ אִין וָועג אַרַיין מוּז אִיךְ אִין לֶעזֶער גֶעבְּן צוּ פַאר שְׁטֵיין פוּן דֶעם גַאנְצְן גֶעגֶען ווִי (גארי) אונ סֶענְקִימָא הָאבִּין גִיזָאלְט רֵייזְן :

(קאפיטל טו) דִי שֵׁיינֶע וֶועגְן קֵיין פֶּעקִין :

אַלֶע וֶועגְן פוּן חִינָא זֶענֶען אִין גְרֶעסְטֶן אָרְדֶענוּנְג אִיבֶּער הוֹפְּט דֶער וָועג קֵיין פֶּעקִין דִי רֶעזִידֶענְט שְׁטָאט דָארְט זֶענֶען אִיבֶּער גִישְׁנִיטֶענֶע גְרוֹסֶע קְנַאלִין וָואס אִין זֵיי אִיז דָא גְרוֹסֶע אונ טִיף וַואסֶער פִּיל פוּן דִיא קְנַאלְן צוּעְן זִיךְ צווא עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט ווְיָארְסְט , דֶער הוֹפְּט קְנַאל צִיהְט זִיךְ טוֹיזִינְד פיר הִינְדֶערְט ווְיָארְסְט , דֶער קְנַאל הָט אִין דֶער בְּרֵייט פוּן פֶערְצִיג בִּיזְהוּנְדֶערְט פֶערְצִיג סָאנְזֶן , אונ גֵייט דוּרְךְ פיל טִיפֶער אונ

שרעקליכע

שרעקליכע וואסערן אונ איבער אל איז לעבנאים פיל שטעט אונדערפער , אונ פיל גערטנער מיט פראכטין ביימער מיט שיינע פאבריקן :

(קאפיטל טז)

אונ אזוא האט זיך סענקימא מיט זיין פאמיליע אונ גארי אין איין שיפל גזעצט , אונ אוף דעם גרוסן קנאל אפ גישווימען זיי האבן נאר ווס אן גהובן צו שווימען צו איין וואסער שטאט איז זיי איין קליין שיפל מיט איין מאנדערין (נאטשעלניק) אקייגן גיקומען אונ זיי גזאגט אז זייא זאלן ווארטן דא אקליינע וואלע דען עס וועט דא באלד פאר ביי שווימען איין גרוסע שיף מיט איין גרוסען מאנדרי וועלכער די אפ גאבן(פאדאטקעס) איין נעמט, וועדקליך אין איין קליינע צייט האבן זיי גזעהן וויא פיר גאנץ שיינע שיפען אן קומן , צווייא פון זיי גאנץ שיין אום גימאלט אונ ארום גהאנגען מיט אלע האנט פארב לאנטערן . אוף דער ערשטער שיף זענען גיזעסן סאלדאטין גאנץ שיין גיקליידעט, אונ בעהאנגין מיט גיוועהר . דא איז אויך גיזעסן דער גרויסער מאנדרין . אויף דער שיף איז גיוועזן אויף גישריבען מיט גילדענע (אותיות) (באכשטאבען) קין צא טא גאן דאס הייסט דער גרויסער אפנאבען איין נעמיר. אונ די אנדרי שיפען זענין גיוועהן מיט פיל ווארע (סחורה) אונ גיטריידע ,(שפאז) אין פיל באלאדינט . וויא דאס שיפעל פון דעם גרויסען מאנדערין איז צו גישווימען צום בארטין זענין אלע סאלדאטין ארויס פון דער שיף אונ האבן זיך צו שטעלט איבער דעם גאנצן בארטן. אונ האבין אוס גישאסן פון עטליכע קאנאנען (הארמאטין) אונ

נאך עטלובע שטונדן ווען ער האט שוין גיהאט איין גינומע
דיא אפ גאבין (פאראטקעם) איז דיא שיף ווייטער גינאנגן :

(קאפיטעל יז) (דיא רייזע ווייטער אונ דאס שיינע געגנ אונ
פעל ארבייט :

אויף דעם אנדערן טאג איז סענקימא אונ (גארי) ווייטער אויף דעם שיפעלכין פעקין גישווימען . מיט גרויס פר ווינדערן האט (גארי) דאס געגן בעטראכט . דאס גאנצע געגן וויא (גארי) גירייזט האט אויפדען גרויסען קאנאל איז דער בארטן פון ביידע זייטען גוועזן באוואקסען מיט שיינע פרוכט ביימער אונ פיל רייז פעלדיר וועלכע די לייטע פלייסיג ביי ארבעט האבן אונ פיהל רייז פון זייא אראפ גינומען (אלע פעלדיר אין חינא ווערן אום מיינסט מיט רייז פר זייעט וועלכע אין חינא דאס בעסטע עסן איז) דיא פעלדיר אקער אייזן אונ אלעם וואס צום פעלדיר ארבעט קעהר איז אין היגע גאנץ גימיין . צום מיינסטן איבער ארבייטן זייא דיא ערד מיט פראסטע רידלעם (לאפעטעם) דאס אקער אייזן איז אן רעדער אונ ווען זייא דארפין די פעלדיר צו איבער ארבייטן שפאנין זייא איין איין אייזיל . אבער איין קעמיל אונ פיהל מאהל איז צו זעהן דאס דיא דינסט שלעפט דאס אקער אייזן מיט דעם אייזיל צו זאמען נאך האט (גארי) גיזעהן דאס דיא חינער קיין שטיקיל ערד ניט ליידיג לאזן ווען אויך אויף דיא גרעסטע בערג פר אקערין זייא אונ פר זייען רייז . דיא חינער האלטן די פעלד ארבייט פר גאנץ הייליג . דער באגראכי (סאלטאן זעלבסט איבער ארבייט אלע יאהר אין איין גיזעצטען טאג
איין

איין שטיק פעלד צו דיזע ארבייט איז פר אים אן גיברייט איין גאלדין זאקער צייגן . ער מאכט עס פליים. דאס די לייטען ביא אים איין עקססטעמפיל (בייא שפיל) זיך גענמן זאלן אין חינא האלט מען דיא אקער לייט פר מער ארינטליכער לייט וויא דיא גרעסטע קויפלייט אונ פאבריקאנטין . עס איז איין גיזעטץ אין חינא ווען ווער זיין פעלד ניט ביא ארבייט האט . ווען אויך פון דיא מאנדרינע ווערט ער הארט באשטראפט . אויף דעם וועג וויא (גארי) איז גישוואמען זענן זייא צו גישוומן צו איין גאנץ גרויס אונ ברייט וואסער . וועלכעס איז גיוועזין באדעקט מיט פיהל פראטווען . אונ אויף דיא פראטוועס איז גיוועזין אן געשיט מיט ערד אונ פר זייעט מיט רייז אונ אנדערע שפייז ווערקין פיהל פון דיא טראטוועס זענין גיוועזין צו גיבינדען ביא דעם בארטין . אונ אויף אנקער . אונ פיהל זענין אזוי ארום גישווימען אויף דעם וואסער . אונ דיא לייט פון דיא טראטוועס זענן גיוועזין בעשעפטיגט מיט פישעריא :

קאפיטל יח) (דיא גרויסע שטאט נאנקין אונ דער שיינער פאלאץ אונ דער פייערטאג :

צוואנציג טעג איז קענקימא אונ (גארי) גישווימען אויף דעם גרויסען (קייכר) קאנאל. אויף דעם איין אונ צוואנציגסטע ן טאג. זענין זייא אן גיקומען צו דער גרויסע שטאט נאנקין. דא האט (גארי) גיזען פיל שיינע גיבאדן אונ גאסין איבער הויפט האט ער זיך פר וואונדערט איבער איין גרויסע באשנא (טארעם) וועלכע אין גאנצן פון דעם בעסטין פייאנץ גימאכט .

גימאכט גיוועזין . אין דעם טארעם איז איין ווינדער שיינע זאך . ער איז ניין שטאק הוך : אונ אוסען ווייניג ארום מיט אלער : האנד שיינע גלעקליך באהאנגן וועלכע בייא דעם ערשטן ווינד גאנץ שיין קלינגען . אין דער שטאט הט זיך סענקיכא אונ (גארי) גישטעלט אם רוען אונ איבער הופט צו ליב דעם פייער טאג (יום טוב) ווס דא הט גיזאלט זיין . אלע גאסן זענין שון גיוועזין אוס גיפיצט אונ אוס גיצירט אונ דיא הייזער אוס גהאנגן מיט שיינע דיוואנעם פון אלער האנד פארבן . אוף פיל ערטער זענן גיוועזן פלייסיג טארמען גימאכט אונ ארום גהאנגן מיט פיל פערשידענע אלער האנד פארב לאנטערן . וועלכע גאנץ שיין באלייכט האבן פר דעם האטער וויא סענקימא אונ (גארי) איין גישטאנען זענען אוך פר ביי גיגאנגען איין פאראד (פראצעסיא) . גאר פריר הט מען גיטראגן אין איין פאלאנקע (דאס איז איין גאנץ רייכע שטיל ווס איז פלייסיג גימאכט צו טראגן אין גרוסן יו"ט) . דעם גאבערנאטער גאנץ רייך גיקליידעט די פאלאנקע איז גוועזן ארום בעהאנגן מיט אלער האנד פענער אונ פיל לייט ארום דר שטיל האבן גיטראגן שטאל קאצן אונ מאזיק הט גישפילט , אונ נאך דעם גאבערנאטער האט מען ווידער גיטראגן אזעלכע ! זעקס פאלאנקין (שטולען) אוס גישלאגין אונ בעהאנגן מיט אלער האנד זיידענציג אוף די שטולן האבן גיהאנגן די פאטרעטן פון די גרעסטע בערגיר אונ אקערס לייט . וועלכע די פעלד ארבייט שיין פירען . נאך דעם האבען פערציג לייטע גיטראגין איין גרוהען דעק אוף וועלכע עס איז גישטאנן אוס ליים איין

קיא גאר פיין גימאכט. אונ דיא הערנער אונ די אוערין זענען גיוועזן פיל באגילדעט אונ בעהאנגן מיט טייערע זאכן. נאך דר קיא זיינן גינאנגן פיל מענשן גאנץ הערליך גיקליידעט. אונ ווי דער גאנצער פאראד (פראצעסיע) זענען גיקומען צוא דעם גאבערנאטערס פאלעץ. האבן זיי פון דער קיא צלעם ארא[illegible] גינומען אונ די קיא צו האקט אויף עטליכע שטיקער דען איז פון דער קיא ארוס גיפאלן פיל קליינע קיעליך אונ דס האט מען צו טיילט די לייט וואס גייען די פעלדער פר ארבייטן (דיא חינער) ליבן איבער אל דם פ״ה (בהמות) וואס צו דעם פעלד ארבייט גיהער אונ ווער עס נעמט פון די קיא אין זיין שטוב אריין דער הט גרוס גליק אין זיין פעלד ארבייטן:

קאפיטל יט) (דאס אן קומען קיין פעקין אונ דעם באגדאכעם פאלאצין):

אויף דעם אנדערן טאג נאך דעם פייער טאג האבן זיך סעקימא אונ (גארי) נייטער גישיפט אויף דעם גרוסן קאנאל. (גארי) הט שון מיט אום גידולדיקייט אום גיהארט דעם טאג וואס זיי וועלן קומען אין דער גרוסע שטאט פעקין פון וועלכע פיל וואונדערליכע זאכן גיהערט האט. אונ ווע זייא שון נאהנט גיקומען זענען פון פעקין. הט (גארי) אויך גאר ניט גיקענט זעהן איבער די גרוסע שיינע גרינע בעוואקסענע ביימער. פון דיא גרוסע סעדיר וואס פעקין ארום רינגלן. נאר וויא זיי האבן אן גיהויבן אין גי וואנאריין צו שיפן (גאוואן הייסט דער בארטין וויא די שיפן זיכער שטיין) הט (גארי) מיט גרוס פרייד די שטאט דער נעהן. די זון הט גישיינט אונ עס הט פר בלענט די אוגי

פוּן דִיא שֵׁיינֶע בַּאגָאלְטֶענֶע דַאחָער. אוּנ וֶוענְט פוּן דֶעם בַּאגְרַאבִּינֶעם (סאלטאנס) פַּאלַאצִין עֶס הָאט פוּן וַייטֶען אוּם גִיזֶעהֶן וִויא אֵיין גָאלְדֶען פַייֶער וָואלְט אוֹף דִיא שֵׁיינֶע הַייזֶער גִיבְּרֶענְט:

(קאפיטל ב) פֶּעקִין אִיז אַרוּם גִיצָאמְט מִיט אֵיין גְרוֹסֶע מָאר:

דִי שְׁטָאט אִיז גְרוֹס אַכְט אוּנ צְוָואנְצִיג וִויֶארְסְט אוּנ עֶס בַּאוואוֹנֶען אִין אִיר אַנְדֶער הַאלְבְּ מִילְיָאן אַיין וואוֹנֶער. פוּן דֶר זַייט מָאר שְׁטֵייֶען פִיל שֵׁיינֶע הַייזֶער אִין וֶועלְכֶע עֶס וואוֹנֶען דִי דִינֶער פוּן מַאנְדְרִינֶעם הוֹיף. דִי אַלֶע הַייזֶער זֶענֶען גְרִין גִיפַארְבְּט. אוּנ דִי גַאסִין צִיעֶן זִיךְ בִּיז צוּא דֶעם לַאנֶגער פוּן דֶעם בַּאגְדֶעבִּינֶעם מִילֶעטֶער. עֶס שְׁטֵייֶען אוֹךְ דָא שֵׁיינֶע גִיוָועלְבֶּער רוֹט גִיפַארְבְּט צוּם צֵייכֶן דָס זַיי צוּ דִי קוֹפְּכְלֵייטֶע קֶערִין. עֶס זֶענֶן אוֹךְ דָא דִי גַאנְץ שֵׁיינֶע גֶערְטְנֶער אוּנ עֶס פְלִיסִין דָס גְרוֹסֶע וַואסֶער. דִי גאסִין זֶענֶן אוּם גִיזֶעצְט מִיט גַאנְץ שֵׁיינֶע פְרוּכְטִין בֵּייטֶער. אוּנ דֶער בַּאגְדֶעבִּינֶעם פַּאלֶעץ אִיז אוּם בֶּעשְׁרַייבְּלִיךְ גְרוֹס אוּנ הָט אִין זִיךְ פִיל גִיהַיימֶע דוּרְךְ גַאנְג. אוּנ שֵׁיינֶע גַאלֶערִיֶעס (גאנקים). אוּנ דִי פֶּעדְדִיר אַרוּם פֶּעקִין זֶענֶן אַלֶע פַר זַייעֶט מִיט רַייז אוּנ פִיל מִיט נִיסֶען אוּנ פַייגֶען בֵּיימֶער. סֶענְקִימָא אוּנ (גארי) הָאבִּן זִיךְ אָפּ גִישְׁטֶעלְט צוּ אֵיין נָאנְטִין פְרַיינְד וֶועלְכֶער אוֹךְ אֵיין טֵייא הֶענְדְלֶער וַואר. עֶר הָט זִיךְ גִירוּפֶן מִיט זַיין נָאמִין אַיוֹן עֶר הָט גִיוואוּנְט אִין אֵיין קְלֵיין דָארְף אֵיין וִויֶארְסְט פוּן דֶער בַּארוּמְטֶער שְׁטָאט פֶּעקִין:

(קאפיטל כא) די טייא גערטנער א״נ ווי זי גיקליבען ווערט .

אוף דער אנדערער זייט וואסער האט סענקימא זיינע טייא גערטנער גיהאט וועלכע גאנצע שיין בעארבייט אונ אין דעם גרעסטן ארדענונג גיוועזן זענען . דיא טייא ביימער זענען גאנץ שיין צום אפ זעהן די בלעטיר קען מען דר זעהן צווישן פיל אנדערע בלעטיר דס בליטעל זעט אום ווי איין שיינע רוז . דיא בלעטער ווערן נאר גיקליבען אין איין טריקענע צייט . די ארבייטער ציהען זיי אפ פון די צווייגן אונ ווארפן זיי אין איין קארב (קויבער) אריין אונ ווען זייא האבן שון פיל אן גיקליבן טריקענען זייא זיא אוף אזעלכע בלעכין ווס פליים צוא דעם גימאכט איז . דיא טייא בלעטיר ווערן שטענדיג איבער מישט אונ וויא זיי ווערן ווייך פון דיא היץ נעמין די ארבייטער פילע נאפין (גארשצום) אונ קוועטשין אום דעם סאק נאך דעם ווערט הערשט די טייא אוף דעם לופט גיטרוקענט . אונ ווען זייא שון פארטיג איז ווערט זיא הערשט גיפאקט אין אזעלכע קעסטליך אונ מיט דיא פים גימרעטן בייא דער ארבייט ווערן גאנץ שיינע שטרימפען (זאקין) אן גיטאן . אונ הערשט דר נאך גיפאקט אין פעקליך אונ פר קויפט :

(קאפיטאל כב) גארי בייא דער טייא ארבייט אונ זיין געשיקדיקייט דער צו :

גארי איז גלייך צוא דער טייא ארבייט גיגאנגן אונ ער האט באלד פאר שטאנען אונ איז גאנץ צופרידן גיוועזן פון די ארבייטער . ווייל זיי צו ווישען זיך גאנץ צופרידען לעבן .

פאר

ר נאכט נאך דער אַרבּייט זענן אַלע אַרבּייטער אין זייער
פּייז צוזאַמען גינאַנגען אונ אַלע ארום טיש גיזעצט שפּייזן
גסין) מען האט זיי דר לאַנגט רייז. פיש. אונ נאך אַנדערע
סן וואַרג נאר פלייש עסין זיי אין חינא גאַנץ ווייניג ווייל עס
יז פר באַטין צו עסן פלייש פון אוקסן. קיא קעלבער ; נאר
טאף אונ ציגען אונ פייגיל פלייש איז ערלובט (גארי) איז
אַלד גוט בעקאַנט גוואַרן מיט אַלע אַרבּייטער אונ האט שון
ווייסטאַלע סאַרטין טייא. די קופּפּלייט זענן פון איהם העכסטין
צופרידען גיוועזן אונ זיי האבן באַלד איהם גימאַכט פאַר דעם
גלצטין איבער אַלע אַרבּייטער אונ איבער דעם גאַנצן טייא
האנדיל אונ קיין שום טראַנצפּאַרט טייא איז אן זיין וויסן
איין מאל ניט גישיקט גוואַרן דס גישיקליכקייט אונ דאס פר
שטענדיקייט צו די טייא געשטנער אונ צום האַנדלן איז גוועזן
איין גליק. אַז אין שפּעטערע צייטן האט ער פון דעם איין
גרוס פר מעגין גימאַכט ; ענדע די ערשטע טייל

די צווייטע טייל

דער וואַזער פון זייגער נישט שטייט. אונ דער מענש
איז פר טאָן. דיא זין גייט אויף אונ פר גייט. אונ די צייט
טוט פליען ;

(קאפיטל כג) (גארעס שפּאַצירען גיין) :

עס איז שון פר ביי גיגאַנגען מער ווי איין האלב יאר
ווי אונזער (גארי) איז אַן גיקומען קיין פּעקין (די רעזידענץ
שטאט) ער איז גוואַרין פר טויען אין גישעפט אונ דיא
צייט איז דר וויל גילאפין. אונ אַרבּייט איז ווייטער גוועזן

די מייא גערטנער אין דער צייט ווען גארי איז פרייא גוועזן פון דער ארבייט פלעגט ער ארום צו שפאצירען אלע גרוסע גאסן . אונ צו זעהן דם פירעכץ פון די איין וואנער אונ אים מינסט פלעגט ער צו שפאצירן ווען עס בייא די חינער פייערטאג וואר :

(קאפיטל כד) דר גרוסער פייערטאגע אין פעקין :

זיין קאמראט ליאו סינג האט פר שפראכין (גארי) צוא וויזן דעם גרוסן (פייערטאג) (פאנארי) (אונ אין חינא איין גרוסער פייערטאג ווס רופט זיך (פאנארי) דם הייסט לאנטערן דם איז אזו וויא ביי אונז נייא יאר איבער דעם הייסט דם לאנטערן וייל איבער אל ווערן אום גיהאנגן אלער האנד לאנטערן) אונ די גרוסע פרייליכקייט אונ פאראדן אין דען טאג ווערט זיין . אין דעם דריטען טאג הט זיך דער פייערטאג אן גיפאנגן אין דעם פייערטאג ווערן אלע הייזער אין שטאט אונ אלע שיפן אין דעם וואסער בעהאנגן מיט אלער האנד פארבן לאנטערנעם . אונ אוף דר נאכט ווערט גימאכט איין גרוסע פייער ווערג . אוף דעם פייער ווערג ווערט פיל געלד אום גיגעבן נאר עס איז שיין וום צו זעהן . אין דעם זעלבן טאג ווען דער פייערטאג האט זיך אן גהובן הט זיך (גארי) גאנץ שיין פר קלייד אונ סענקימא אונ ליאו סינג האבן זיך אוף דער חינישע ארט פר קלייד אונ זענן אלע ארום גיגאנגן שפאצירען . איבער הויפט שיין האט זיך סענקימא פאר קליידעט , ער הט זיך איין נאיעם קלייד זיידינס מיט איין גאלדענעם גארטיל אונ איין גאלדענע אהר אז עס הט די אוגן

פר

אר בלענט : אונ אזו פר קליידעט זענין זיי גיגאנגן צו די גרוסע
טויערן פון שטאט הייל דארט איז זייער מאצעט (דס איז איין
קירכע) גישטאנן. דר מאצעט איז גוועזן גימאכט מיט העכע
רוטע פארב אונ אויך ארום גיהאנגן מיט אלער האנד פארב
לאנטערן. זענין שון דארט פיל מענשין אונ האבן זייער גליק
גיפרופט. סענקימא הט שון גיוואלט זיין גליק פריווען אוב
ער וועט האבן איין גליקליך יאר. הט ער גקופט עטליכע
וועקסינע לעכט אונ האט זיי אלע אן גיצונדן אונ מיט זיי
גאנץ גישווינד אהיים גילאפן. אונ הט גיבעטן אז (גארי) זאל
אויך אזו טוען. סענקימא האט איהם פר זיכערט אז ווער עס
דער לויפט מיט זיינע ברענדיקע לייכט אהיים דער איז פאר
זיכערט אז ער וועט שון האבן איין גליקליך יאהר. (גארי)
הט אין דעם דאמהייט ניט גיוואלט גלייבן נאר צו ליב זיין
העער הט ער אויך איין ליכט אן גיצונדן. אונ איז סענקימא
נאך גילאפין נאר אין זיין שנעלן לופן מיט דעם לעכט. איז
(גארי) ארופ גילאפין אוף איין גראבין חינער אונ זענין ביידע
גיפאלן. אונ הט דם הייליגע לעכט פר לאשין. אזו איז ער שון
אן ליכט נאר מיט איין גרוס גילאכטער אהיים גיגאנגין. אונ
סענקימא איז גליקליך מיט זיין ליכט אהיים גיקימען אונ הט זיך
זייער ניפרייד אז ער וועט שון געוויס האבן איין גליקליך יאר.
ווייל זיינע ליכט זענן איהם ניט פר לאשין גיווארן. וויא זייא
האבן זיך אינעווייניג אפ גירוט. זענען זיי ווידער אויף דעם
שפאציר גיגאנגן ווי אלע גאסן זענן שון פיל מענשין גוועזן
אוף

איף דער העכסטע אייד גיקריידעט. דער טאג וואר גראד
שיין אונ העל איבער דעם הוז דיא פייערטאג שיין אום גיזעהן
אין איינע ווינקליך איז גוועזן עטוואס אנדערשט צוא זעהן.
איבער הויבט האט (גאר) גיפאלן דיא קינדצן מאכער וועלכע
גאנץ שיין אונ קינדצליכע זאכן באוויזן האבן. דיא גאזן אונ
בעהויפט די גוועלבער זענען גוועזן גאנץ שיין אום גציירט
מיט רוטע אונ געלר גישטעקענע פענער. דא הט (גארי)
גזעהן דס ערשטע מאל ליכט אין איין גוועלב ווס זיי זענען
פון בום פריכטער (פירות) דער בום רופט זיך דארט (ווארא
באם). דיא ליכט זענן גוועזן באשריבן מיט אלער האנד
ווערשעס (גראם) ניט ווייט פון דאנען איז גוועזן אטראקטיר
וואס פאר גאנץ ווייניג געלד האט מען זיך גיקענט מיט דיא
בעסטע טייא אפ טרונקן. באלד דער לעבן האט מען גיקאנט
זעהן אזו איין ארט פיש ווס דיא שיפען זעהן אום ווי עבט
גאלד. אויך איז דא גוועזן צו זעהן אלער האנד שיינע פייגל
ווס גאנץ שיין גיזונגען האבן ניט ווייט פון דאנען האט גארי
גיטראפן איין חינער ווס האט אויף זיך גיטראגן איין אייזערן
אייוועלע אונ הט אום גירופען דאס ער האט פון עסין ווערג
צוא פאר קויפן. דס אייוועלע איז צו באוואונדרן עס איז אין
דרייא פאבין אין דעופאייבערשטען פאביל האט ער גיהאלטן
דאס גיפעס וואס ער דארף עסין געכין. אין צווייטן פאך איז
גיוועזן דאס פייער. אונ אין דער דריטער פאך האט ער
גיהאלטען דס עסין, גיבראטענע הינט קליינע הינטלעך קעץ
אטשקעס אונ אויך פייגל פלייש. אונ אזו ווי סענקיטאן אונ

גארי הָאט דָאס אַלְץ מִיט פַאר וְואוּנְדרוּנְג צוּא גִיזֶעהְן׃ נָאר דֶער בַּאנְזֶע הָאט אִים הֶערְשְׁט גִינֶעבְּן צוּא פַאר שְׁטֵיין אַז עֶס טָאר קֵיינֶער נִיט קְלָאגְן אוּנ טְרָארֶען בִּיז דֶער עֶלְצְטֶער דֶער צוּא אַצֵייכְן וֶועט גֶעבְּן · עֶס אִיז אַ מִנְהָג פוּן דִי הִינֶער וֶוען אֵיינֶער שְׁטַארְבְּט קְלָאגְן זִיךְ אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם טוֹטְן צוּא נָאנְד אַלֶע פְרַיינְד נָאר עֶס אִיז פַאר בָּאטִין פְרִיעֶר אָן צוּ הֵייבְּן צוּא קְלָאגִין בִּיז דֶער עֶלְצְטֶער פוּן דֶער (פאמיליע) אָבֶּער (גייסטליכער) דֶער צוּ אֵיין צֵייכְן גִיט , אוּנ אַזוֹ אִיז עֶס אוֹיךְ גִיוֶועזְן אִין מִיטָען טְרִינְקֶען אוּנ עֶסְן . אוּנ וְויא זֵייא הָאבְּן גִיזוּנְגֶען דִיא פְרֵיילִיכֶע לִידֶער הָאט מֶען אֵיין צֵייכְן גִינֶעבְּן צוּם טְרָאעֶר אוּנ אַלֶע וָוס זֶענְן נָאר בֵּייא דֶעם טוֹטְן גִיוֶועזְן הָאבְּן אַלֶע גִימַאכְט אֵיין (טראריגע מינע) אוּנ יֶעדֶער בַּאזוּנְדֶער אִיז צוּ גִיגַאנְגְן צוּ דֶעם טוֹטְן (קערפער) אוּנ אִים בַּאקְלָאגְט אוּנ אִים פָאר גִיזָאנְט זַיינֶע וֶוערְג (מעשים טובים) אוּנ דִי אַלֶע וֶוערְמֶר זֶענְן גִיוֶועזְן מִיט טְרֶערְן אוּנ זִיפְצֶן אִין דֶעם הָאט מֶען וִוידֶער גִיהֶערְט דֶעם צְוַוייטְן צֵייכְן אוּנ אַלֶע זֶענֶען וִוידֶער נַאנְץ פְרֵיילִיךְ גִוָוארְן גְלַייךְ זֵייא וָואלְטְן קֵיין מָאל נִיט טְרוֹיעֶרִיג גִיוֶועזְן . זֵיי הָאבְּן זִיךְ וִוידֶער אַלֶע אַרוּם טִישׁ גִיזֶעצְט , אוּנ גִיטְרוּנְקֶען אוּנ גִיגֶעסְן אוּנ פְרֵיילִיכֶע לִידֶער גִיזוּנְגְן . אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם וֶוען אַלֶעס אִיז שׁוֹן פַארְטִיג גִיוָוארְן צוּם (באגרעבעניש) הָאבְּן זִיךְ וִוידֶער אַלֶע פְרֵיינְד צוּא נָאנְד גִיקְלִיבְּן דֶעם טוֹטְן צוּא בַּאלֵייטְן . דִיא עֶלְטֶערְן

פון דעם טוטין האבן גידונגן (מאזיק) אונ וויינערם. אין (חינא) ווען איינער פון רייכע פאמיליע שטארבט דינגען די (עלטערין) פיהל מענטשין וואס גייען נאך דעם טוטין אונ וויינען אונ קלאגין גאנץ יעמערליך. אונ דר שפיצבאב באנזע האט זיך דא באלד דער ערשטער ארין גישטיפט אונ האט גארי אוך פאר דינגען. דער פאטער פון דעם טוטין האט דעם באנזע אונ גארי באלד צווי טראער קליידער גיגעבן. דיא גאנצע (פראצעסיא) וויינערס זענגען גיגאנגן ווייס גיקלייד גיגארטילט מיט גראבע שטריק דיא האער פון קאפ צולאסין אונ בארוויס, דער לארעם פון דיא קלאגער אונ וויינערס אונ דאס קלאפין פון די פאקין אונ דאס שפילען פון דיא (מאזיקאנטין) אונ דאס ברימען פון דיא (גייסטליכע) האט גאנץ שרעקליך אוס גיוויזין אונ עס האט גארי נאר פאר ראשט אונ דיא חינער זאגן אז מיט דעם קלאפין אונ ראשין פאר טרייבט מען אלע שלעכטע גייסטין וואס ווילן דיא זעלע (נשמה) פון דעם טוטין אן קריגען:

קאפיטל סא) דאס באלייטונג פון דעם טוטין אונ דער קירכע הוף:

מיט אזוא איין (צערמאניע) האבן עטליכע הונדערט מאן

מאן דעם טוטין קערפער ביז אוף דעם קירכע הוף (בית הקברות) באלייט. אוף דעם גראבן האבן דיא עלטערן פון דעם טוטן גישטעלט פיל ארלייא עסינוואריג אונ גיטראנק, אין גאנץ חינא בייא אלע געצין דינע־ שטעלן זייא פיל עסן אונ טרונקען ווען זייא באגראבן איין טוטין אונ אזוא ווערט גימאכט פיל טעג זייא זאגן אז דאס איז איין גרוסע עהרע פאר דעם טוטין אונ דער באטריגער באנזע איז דא דער גאנצער מאכער גוועזן:

(קאפיטל סב) דיא אום גירעכטע פריידע אונ דער אלט באקאנטער גוטער פריינד:

אין איין גיוויסן טאג ווען דער באנזע איז אוף דעם (קירכע הוף) גיוועזן אונ האט גיפירט זיין שפיצבאבעריא אונ באטריגט דיא דאמע הינער אונ דער ארעמיר גארי איז גישטאנען גאנץ פאר יראכט. איז צוא אים צוא גיגאנגען איין רייך גיקליידעטער הינער אונ שון ניט קיין יונגער מאן אונ האט אים גוט אן ניקוקט גארי האט אין אן פאנג דאס גאר ניט גימערקט. נאר וויא דער חינער האט צוא אים אן גיהובן צוא שמיסען אונ אים בייא זיין נאמין אן גירופען האט זיך גארי מיט וואונדערונג אום גיזעהן ווער דאס קאן זיין. אין דען אויגען בליק האט זיך גארי אוואורף גינעהן דעם חינער אין דעם ארעם אריין אונ מיט טרערין אין דיא אונן פאר פיל פרייד אונ האט

אים

אִים אָן גִיהוֹבְּן צוּא קִישִׁין דָאס אִיז גִוֶועזִין זַיין אַלְטֶער בֶּעסְטֶער גוּטֶער פְרַיינְד דֶער קוֹפְּמַאן (סענקימא) גְרוֹסֶער פָּא וִויא אָרוּם קוּמְפַּאנִי דָא אַהֶער אַזוֹ הָאט אִים גִיפְרֶעגְט · אַךְ שְׁפֶּעטֶער וֶועל אִיךְ דִיר אַלְץ שׁוֹן פַאר צֵיילְן · אַצוּנְד דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אוּנ פִיר מִיךְ נָאר וִויא אוּמְגְעשְׁוִוינְסְטֶן אַוֶועק פוּן דֶעם פַאר פְלוּכְטֶען בּאַטְרִיגֶער פוּן דָעם בַּאנְזֶע · הָאט גארי זִיךְ מִיט גִיוֵויין גְבֶּעטִין וָואס פַארִין בַּאנֶזע אָט פוּן דֶעם אָט אִיז עֶר דֶר פַאר פְלוּכְטֶער בַּאטְרִיגֶער אוּנ גארי הָאט אַהִין גִיוִויזִין צוּ דֶעם גְרָאבְּין (קֶבֶר) וְוִיא דֶער בַּאנְזֶע אִיז גִישְׁטַאנֶען · אָבֶער דָער בַּאנְזֶע אִיז שׁוֹן נִישְׁט גִיוֶועזְן דֶער קְלוּגֶער בַּאטְרִיגֶער וִויא עֶר הָט נָא־ דָער זֶעהְן דָעם קוֹפְּמַאן (סענקימא) הָאט עֶר פַאר שְׁטַאנֶען אַז דֶער (סענקימא) וֶועט אִים דָאס גִישְׁט שֶׁענְקִין אוּנ עָר קֶען אִין אַיין אוּמְגְלִיק אַריין פַאלְן אוּנ שְׁטַארְק בַּאשְׁטְרָאפְט וֶוערְן הָאט עָר זִיךְ בְּעצַייטִינְס אוֹף גִירָאמְט אוּם לוֹז צוּ וֶוערְן :

(קאפּיטל סג) (דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרַייד אוּנ פְרַייהַייט) :

אוּנ וִויא גארי אִיז שׁוֹן צוּא זִיךְ אַבִּיסְל גְקוּמֶען עֶר הָאט גִיזֶעהְן אַז עָר אִיז שׁוֹן פְרַייא פוּן דֶעם בַּאטְרִיגֶער אוּנ הָאט שׁוֹן נִיט וָואס אִיבֶּער צוּ קֶערְן הָט עָר הֶערְשְׁט פַאר צֵיילְט (סענקימא) דִיא גַאנְצֶע גִישִׁיכְטֶע וָואס דֶער בַּאטְרִיגֶער בַּאנְזֶע הָאט מִיט אִים גִימַאכְט פוּן אָן פַאנְג בִּיז יֶעצְט מִיט גְרוֹס פַאר וִוינְדְרוּנְג הָאט (סענקימא) דָאס אלץ

אַלְץ אוּם גִיהֶערְט . עֶר הָט הֶערְשְׁט גארי אַרַיין גְיפִירְט
אין אַיין טְרַאקְטִיר אוּנ הָט אִים גִיהֵייסֶען גֶעבִּין אַפֵּיינֶעם
מִיטָאג דֶען עָר הָט שׁוֹן נִיט גִיהַאט צְוֵוייא טָאג גִיגֶעסִן .
(סענקימא) הָאט דֶער צֵיילְט גארי אַז זַיינֶע טֵייא בֵּיימֶער
זֶענִן אַלֶע פַאר דָארְבִּן גִיוָוארְן בִּיז צוּם גְרִינְד . הָאט עֶר
אַצוּנְד אֵיין גְרוֹסֶע (פאבריק) אוֹף גִישְׁטֶעלְט פוּן פַארְצֵילַאן .
אוּנ וַוייל אין דֶער שְׁטָאט זֶענֶען דָא פִיל (פאבריקען) פוּן
פֵּיינֶעם (פארצעלאן) . אוּנ פִיל גוּטֶע מֵייסְטֶערְס אִיז עֶר
פְלֵייסִיג אין דֶער שְׁטָאט (גאציע פא) נָאךְ אֵיין גוּטֶען
מֵיינְסְטֶער צוּ זַיין (פאבריק) גִיקוּמֶען אוּנ צוּא (גארעם) גְלִיק
הָאט (סענקימא) נִיט לַאנְג נָאךְ גִידַארְפְט וַוייל אין דֶער
שְׁטָאט (גאציע פא) עֶר אִיז שׁוֹן גִיוֶועזִן פַארְטִיג מִיט זַיינֶע
גִישֶׁעפְטִן נָאר עֶר הָט גִימוּזְט נָאךְ עֶטְלִיכֶע טָאג בְּלֵייבִּין
וַוייל עֶס אִיז אַיין גְרוֹסֶע (פייערטאג) הָאט גִיזָאלְט זַיין .
אִיבֶּער הוּבְּט בֵּייא דִיא וָואס (פיאנץ פאבריקען) הָאבִּן .
דִיא אַלֶע חִינֶער וָואס אַרְבֵּייטִן אין דִי (פיאנץ פאבריקן)
גְלֵייבִּן גָאר אָן אַיין בַּאזוּנְדֶערְן אָפּ גָאט . בַּאלְד אוֹף
דֶעם דְרִיטֶען טָאג וִויא גארי הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִן . מִיט
(סענקימא) הָאט זִיךְ אָן גִיהוֹיבִּן דִיא (פייערטאג) אוּנ דִיא
גַאנְצֶע שְׁטָאט (גאציע פָא) אִיז גִיוֶועזִן אוֹף דֶער הֶעכְסְטֶער
גְרַאד אוּם גִפִּיצְט אוּנ אוּם גִיצִירְט . אוּנ סענקימא הָט
גִיקוֹפְט גארי צוּא לִיבּ אוֹף דִי (פייערטאג) אֵיין שֵׁיין קְלֵייד
אוּנ הָאט אִים גִיבֶּעטִּן אַז עֶר זָאל זִיךְ אוֹיךְ צוּא לִיבּ
אִים אוּנ בֵּייא דוֹבְּט דִיא (פייערטאג) לָאזִין זִיךְ בַּאלְבִּירִין

(אפ גאלין) אונ אַזוֹ הָאבֶּן זַייא גַאנְץ פְֿרַיילִךְ. אִיבֶּער גִיקוּמֶן
דִיא (פייערטאג):

(קאפיטל סד) דִיא פְֿרַיילִיכֶע רַייזֶע נָאךְ פֶּעקִין :

אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן טָאג נָאךְ דֶעם (פייערטאג) אִיז (סענקימא) אונ גארי אָפּ גְרַייזְט פוּן (גאציע פא) קֵיין פֶּעקִין. יֶעט אִיז גארי שׁוֹן נִיט וַוייט פוּן דִיא גְרוֹסֶע מָאיֶער אָט אִיז עֶר זִיא שׁוֹן אִיבֶּער גִיפָֿארְן נָאךְ מֶעהְר פְֿרַייד הָאט גארי גִיהַאט אַז עֶר הָאט שׁוֹן דֶער זֶעהְן דִיא גְרוֹסֶע רַייז פֶֿעלְדֶער. אונ דִי שַׁיינֶע (סעדיר) וָואס אַרוּם פֶּעקִין לִיגֶען :

(קאפיטל סה) דָאס לִיבֶּע אונ פְֿרַיילִיכֶע אָן קוּמֶען נָאךְ פֶּעקִין :

אונ וָוען דִיא לִיבֶּע זוּן הָאט אִין דֶער פְֿ. י׳ אוֹיף גִישַׁיינְט הָאט עֶר שׁוֹן דִיא שְׁטָאט פֶּעקִין אוֹיךְ דֶער זֶעהְן אונ עֶם הָאבֶּין אִים שׁוֹן אַרוּם גִשַׁיינְט דִיא בַּאגִילְדֶעטֶע דֶעכֶער פוּן דֶעם (באגדאכינעם פאלאצין), אונ אַזוֹ אִיז עֶר־מִיט גְרוֹס פְֿרַייד אִין דֶער שְׁטָאט אַריין גִיפָֿארְן אונ גְלַייךְ צוּא זַיין בֶּעסְטִין גוּטֶען פְֿרַיינְד אונ שִׁיצֶער (סענקימא) פַֿאר פָֿארְן :

(קאפיטל סו) דִי לִיבֶּע גִישְׁפְּרָאךְ צְווִישֶׁען דִי גוּטֶע פְֿרַיינְד :

גִילוֹבְּט אִיז דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער. אַז אִיךְ בִּין שׁוֹן דָא. הָאט גארי מִיט פְֿרַייד גִיזָאגְט דָא בִּין אִיךְ שׁוֹן זִיכֶער אונ הָאבּ שׁוֹן נִיט וָואס אִיבֶּער צוּא טְרַאכְטִין גארי הָאט פִיל טְרֶעהְרִין פַֿאר פְֿרַייד פַֿאר גִיזָאסְן אונ אֵיין לוֹבּ צוּ דֶעם

באשעפער

באשעפער אפ גיגעבן אז ער האט אים גירעטעט פון דעם פאר פלוכטען גאנזע וואס ער איז מיט זיין לעבין ניט זיכער גיוועגן דא בין איך אוך דאך אין איין פרעמד לאנד. אין איין פרעמד הויז. דאך בין איך גאנץ פריילך און זיכער האט גארי גיזאגט:

(קאפיטאל סז) דיא ליבע צוא זאג:

יא ליבער גארי יעצט האסטו ניט וואס איבער צו קלערן און זארג ניט האט אים (סענקימא) גיזאגט מארגן זאל קומען מיין (ליאו סינג) דיין אלטער גוטער פריינד און (קאמראט) וועל איך אים שון שיקען דאס ער זאל נאך פרעגן אוף איין שיף) וועלכע גאך אראפע אין דיין לאנד זאל אפ רייזן. דיך זעלבסט קען איך ניט לאזן אזו האט סענקימא צוא גארי גיזאגט דוא קענסט ווידער לייכט אין איין אומגליק אריין פאלן, איך דאנק דיר פיל מאל בעסטער (סענקימא) האט גארי גיזאגט אונזער ליבער גאט זאל דיר העלפן און דיר דער פאר צאלן. זייא רוהיג עס איז שון ניט לאנג צו ווארטן בעסטער גארי:

## דיא גוטע ענדע

איך בלייב דיר גיטרייא:
און דיין גליק טוט מען דיר שון אפ געבן:
דאס שלעבטע איז שון פאר בייא:
עס קומט דיר שון ווידער איין גליקליך לעבן:

(קאפיטל סח) דיא ליבע אונ גוטע ענדע אונ דאס אפ רייזן נאך איראפע. אונ דאס גליקליכע אהיים קומען:

אונ איין (מאנהייט חודש) ארום פון דער צייט ווי גארי איז צוריק קיין פעקין גיקומען איז שון גארי אויף איין אראפעשע שיף גישווימען אונ איז גליקליך צוא זיין פרויא אונ קינדער אונ צוא (פאמיליע) אהיים גיקומען. אונ וויא גארי איז נאך פון דער שיף אראפ גיגאנגן איז ער מעהר ווי איין (שטונדע שעה) אויף דער ערד גילעגין אונ זיא פאר פריידע מיט טרעהן באגאסן אונ גידאנקט דעם אלמעכטיגען וואס ער האט אים פון אזו פיל אומגליקען ארום גיהאלפן. אונ ווידער אין זיין לאנד צו זיין פרויא אונ קינד אונ פאמיליע גיברענגט. מעהר ווי איין יאהר איז גארי אין חינא גוועזן אין איין פרעמד לאנד צווישן פרעמדי אומערבארימדיקע אונ האלב ווילדע מענטשין נאר דאס איינע יאר האט ביא גארי אום גיוויזן וויא צעהן יאר יעצט איז גארי ווייטער גליקליכער אין גיזינד אונ פרייד זיך מיט ווייב אונ קינדער. מיט זייא איז עהם יוא פריילך צוא זיטצען, דער באשעפר זאל אונז אוך פון אלע אומגליקען שיטצען:

# ענדע

# היסטאריע

## דֶער אוּים גֶעוָוארְפֶּענֶער

# מאטראז

אדער

דִיא שִׁיף בְּרָאךְ בַּייא דִיא חִינִישֶׁע מְדִינָה

צְוֵוייטֶער טֵייל

אַרוֹס גִיגֶעבְּן פָֿאן

איטשע רעוויזארסקי ברחן פאן קינצק



# ווארשא


שנת תרליה לפ"ק

אייגענטהום אונד דרוק פאן נתן שריפטגיסער


## ДЕРЪ МАТРОЗЪ

ТОМЪ 2.


ВАРШАВА 1874

Въ Типографіи Н. Шрифтгиссера

на улице Налевки N. 2242

(קאפיטל לו) דער צווייטער אומגליק אונ דס טרעפין זיך ווידער מיט דעם באנזע :

ער הט נאר וואס דען ערשטען טריט אין דר הייל אריין גיגעבין . איז ער גאנץ דערשראקין גיבליבן שטיין . ווען ער הט גיזעהן ווי זיך עפיס אין דער הייל רידערט . ער הט זיך גוט איין גיקוקט הט ער אין דר פינצטערע הייל גיזעהן ווי איין מענטש מיט איין פייער גיצייג פייער אום שלאגט . ער הט זיך שון דער פרייט ער וועט האבין מיט וועמין איבער צוא נאכטיגן. אונ מארגין מיט אים צו גיין אין איין שטאט אריין , ער הט שון גיוואלט מיט פרייד צו דעם אום בעקאנטין צו לופין . אין דען אוגין בליק הט זיך פייער ביי דעם אום בעקאנטין גימאכט . עס איז אוף דער גאנצע . הייל ליכטיג גיווארן . אך ווי דער שראקין הט זיך אבע״ דער ארעמער גארי אונ גיבליבן שטיין . אז ער הט אין דעם פרעמדן מענטש ווידער דעם באנזע ד״ קאנט (דער באנזע וואס הט אים פין פעקין ארום גישטאלן) א הא אונ דו ביסט אוך דא , הט דער באנזע צו גייענדיק צו גארי גיזאגט . פאר וואס האסטו גיוואלט אנטלופין . וואס ווילסטו פון מיר . אונ פר וואס האסטו מיך פון דער שטאט גישטאלן (גיגנבת) אונ וואס בין איך דיר שולדיג הט גארי אים גיפרעגט מיט גרוס צארן . נאך וואס נאך דעם אז איך זאל דיך פר קויפין צו די טאטערין . פר אזו איין גזונטען

קאריל ווי דו וועלן מיר די טאטערן געבין פופציג זילבערנע טאלערס . אזו ווילסטו מיך פר קופן פר איין קנעכט . הט גארי צו אים מיט צארן גישריגען . דיזעס פר שטייט זיך . הט אים דער באנזע קאלט בליטיג גיענפרט . איך האב דיר פלייסיג אוף דעם גיגעבין שלאף גיטראנק . אונ אצונד זענן מיר שון מער ווי צוויי הונדערט ווארסט פון פעקין אונ עס איז שון ניט מעגליך אז דו זאלסט צוריק טרעפין . אונ אז דו וועסט וועלן אנטלופין פון מיר וועסטו מוזען אום קומען פר נוט . אבער די ווילדע טירין (חיות) וועלן דיך אוף פרעסין . ניין איך וועל מיך דיר ניט געבין לעבעדיג אין דיין האנד . הט גארי גישריגען . חא חא חא . דער באנזע הט אן גיהויבין צו לאכן , דו ווילסט דיך פרייוען מיט מיר אונ ווערן זיך קייגן מיר קלער דיר נאר אליין איבער איך בין שטארק אין גיזונד אונ די שטייסט קום אוף דיא פים . ליבער הארך מיך אונ לייג דיך שלאפין אונ רוא דיך אום אונ איך וועל דיר עפים ברענגען דיין הערץ צו דער לאבין גארי הט זעלבסט פר שטאנען אז מיט בייזן וועט ער דא גאר ניט מאכן אונ זיך העלפין . הט ער אים גיפאלגט אונ הט זיך אנידער גילייגט אוף דעם ביסעל שטרוי ווס עס איז גיוועזן צו שפרייט אין דער הייל . נאר ער הט גיט גיקאנט איין שלאפין . איבער דער צייט וואס דר באנזע הט וואסער אוף טייא גיקאכט איז גארי גילעגן אונ אלץ גיקלערט וואס דא צו מאכן איז אונ אז די טייא איז שון פארטיג גיוואורן , הט דער באנזע פון זיין רייזע טאש ארוס

אַרוס גינוּמען אונ הָט אים עפֶּעס גינֶעבּין איז דֶעם מֹאחְל אַרַיין אונ טייא צוּ טְרונְקֶען :

(קאפּיטל לז) דָס פְּרַיינְשַׁאפְט שְׁלִיסֶען :

הֶער אוּם הָט דֶער גַאנְצֶע גִיזָאגְט צוּ גארי אִיךְ הָב דִיךְ גִיוָואלְט פַר קוֹיפְן פַר אַיין קְנֶעכְט ווייל דוּ בִּיסְט נִיט פוּן אוּנְזֶער לַאנְד אוּנ נִיט פוּן אוּנְזֶער רֶעלִיגְיָאהְן. אִין דֶער זֶעלְבֶע הַייל הָאבִּין גִיוָואלְט וָוארְטְן אוֹף מיר טְאטְעַרִישֶׁע קוֹיפְּס לַייט (סוֹחרים) ווָס אִיךְ הָאבּ דִיךְ צוּ זַיי גִיוָואלְט פַר קוֹפִּין. נָאר אוֹף מַיין אוּם גְלִיק. זָענֶען זַיי גִיוָואר גִיוָוארְן אַז עֶס הָאבְן זִיךְ גֶעוֵויזֶען רַייבֶּע׳ אִין דֶעם גֶעגִין. הָאבִּין זַיי פָּארְכְט (מוֹרא) גִיקְרִיגֶען דָא לֶענְגֶער צוּ בְּלַייבִּין אוּנ זֶענֶן גִישְׁוִוינְד אַוֶועק פוּן דַאנֶען. אוּנ הָאבִּין מִיךְ אִיבֶּער גִילָאזְט אוֹף מַיין אוּם גְלִיק. אִיךְ קְלֶער אַז הַיינְט אוֹדֶער מָארְגִין קֶענִין דִי רַייבֶּערְס פְּלוּצְלוּנְג אָן קוּמֶען. אוּנ מַיין בִּיסֶעל פַאר מֶעגִן צוּ נֶעמְן. אוּנ עֶס קֶען זַיין אַז זַייא וֶועלִן אוּנְז אוֹךְ צוּ נָעמְן. אוּנ אַז דוּ וָועסְט מיט מיר צוּ זַאמִין ווערִין קֶעגִין זַיי, שְׁווֶער אִיךְ דִיר צוּא אַז אִיךְ וֶועל דִיר צוּרִיק פִּירֶעי קֵין פֶּעקִין. אוּנ עֶס קָאן זַיין נָאךְ גָאר צוּא דַיינֶע לַאנְדְס לַייט ווייל אִיךְ ווייס דוּרְךְ (מאנגאלע) (דָאס אִיז אַיין וֶועג קֵין חִינָא) אַיין נָאנְטִין וֶועג. גארי הָט דָאס אַלֶעס אוּים גִיהָארְכְט. גָ׳ר׳עֶר הָט אִים נִיט גִוָואלְט גְלַייבְּן. נָאר וָוס הָט עֶר גִיקָאנְט אַנְדֶערְשְׁט טְאהְן. הָט עֶר אִים צוּ גִיזָאגְט, עֶס פְרֵייד מִיךְ הָס דֶר גַאנְצֶע גִיזָאגְט אוּנ

פַּנ

פון אצונד אן וועלן מיר בלייבן קאמראטין (חברים) אונ גוטע פריינד . אלזו לאזן מיר ביידע בעטין אז דער פא זאל העלפין אונ געבן גליק , הט גארי צו אים גזאגט איך בין ניט פון ענקער גלובין אונ בין ניט קיין געצען דינער , דאך איך ניט בעטין דעם פא האט דער באנזע גיזאגט צוא גארי נוא שטייא רוהיג אונ לאז מיך חאטשי בעטין דער באנזע הט ארום גינומען איין פארעלקע מיט אלבע רייבע ווערג אונ הט זיך גישטעלט אוף דר קניא אונ איז אזוא אצייט גישטאנע . נאר קין איין ווארט איז ניט גיוועזין צו הערן , גארי הט זיך גילייקט שלף פין אונ פון זיין מידיקייט איז ער גלייך אנטשלאפין גיווארן , נאר זיין שלאף איז ניט גיוועזין רוהיג ווייל ער איז גאנץ שלאף איבער דעם הט דער באנזע שון ניט גיקאנט ווייטער רייזן אונ הט גמוזט איבער אים אפאר טאג אין די הייל בלייבן . אונ ווען גארי איז ביכעל צו זיך גיקומע הט דער באנזע גינומען דעם (באגין) (דאס איז גיוועזן זייער גוועהר) אונ איז גיגאנגן אוף דעם גייעג אונ עטוואס פרישערס פלייש פר דעם קראנקין צו שאפין :

קאפיטל לה) (די רייזע ווייטער אין דער מדבר . אונ די טאטערעשע לאגע ) :

זעקס טעג איז גארי מיט דעם באנזע אין דער הייל גיוועזן . אונ ווי גארי איז צוא זיך גיקומע . האבין זייא זיך אין וועג פארטיג גימאכט , דער באנזע הט איין גישפאנט

זיינע פערד אונ זענן לאנגסאם אוף איין גרוסען בערג ארוף גיפארין , אונ אוף דעם אנדערן טאג בייא נאכט זענן זיי גיקומען צו דעם טאטערישען לאגער וואס דארטין איז גישטאנען צעהן ג צעלטין · די גיצעלטין זענן גיוועזין פון שאף אונ קעמליך פעהל · דיא ווענט אונ די פ.דליגע זענן גיוועזין פון גראבן וואלאק בדעקט · ניט וייט פון די גיצעלטין האבן זיך גיווייעדעט (געפאשעט) פיל פערשידענע שאף , אונ דיא היטער (פאסטאכעס) זענין נאר גוועזין וייבער אונ קינדער · וויא די טאטערן האבן דער זעהן באנזע האבין זיי אים צו זיך אריין גבעטין · נאר דער באנזע הט גיוואלט וייטער רייזין · נאר גארי האט אים גיבעטין דס ער ז ל די נאכט בלייבן דס ער זאל זיך קענן אפ רוען פון ד ם שלעכטן וועג , אונ די גיצעלטין וואס מען הט דעם באנזע מיט גארי אריין גיבעטן איז גיוועזין פון צווי צומערין אין ערשטן צומער האבן גיוואונט פרויען צומער (נקבות) אין דעם צווייטין צומער מאנסלייט (זכרים אין מוטען ג צעלט איז גישטאנען איין דריפוס אונ אויף דעם איז גישטאנען איין קעסל אונ דס איז גיוועזין די קעך פר אלע פון די גיצעלטין · אין דער רעכטער זייט איז גישטאנן אין קאסטין אוף דעם קאסטין איז גישטאנן איין מעשענער בילד צו וועלכן זיא דינען אונ דער לעבין איז גישטאנן עטלכע מעשענע שיסלען מיט וואסר :

(קאפיטל

קאפיטעל לט) דָס גִישְׁרֵיי אוּנ דָס עָרְפוּנְדוּנְג
פוּן בֵּאנְזֶע :

גַאנְץ פְּרִיא אִיז דֶער בֵּאנְזֶע אוּנ גארי אוֹף
גִישְׁטאַנֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גִיוָואלְט פאַרְטִיג מַאכֶען וַוייטֶער
צוּ רֵייזֶען, נָאר אִין דֶער צייט הָט זִיךְ גִיהֶערְט אִין דְרָאסֶען
אֵיין גְרוֹיס גִישְׁרֵייא. גארי מִיט דֶעם בֵּאנְזֶע זֶענֶען אַרוֹס
גִילָאפֶען אוּנ זִיךְ גִיפְרֶעגְט וָוס דָס שְׁרַייעֶן בֶּעטַייט. הָט מֶען
זֵיי גִיזָאגְט אַז דִי נָאכְט אִיז פַר פַאלֶען גִיוָוארִין פִיל שָׁאף.
נָאר דֶער בֵּאנְזֶע הָט פַר שְׁטַאנֶען אַז מֶען הָט דָס נִיט
גִישְׁטָאלֶען נָאר זֵיי זֶענֶען פַר בְּלָאנְזֶעט גִיוָוארֶן הָט דֶער בֵּאנְזֶע
גִיזָאגְט אַז דִי לֵייטֶע זָאלֶען גָאר נִישְׁט שְׁרֶעקֶען, עֶר וָועט
שְׁטֵיין מִיט זַיין הֵיילִיקֵייט אוּנ וָועט דֶער גֵיין וִוי דִי שָׁאף
גֶעפִינֶען זִיךְ דִיא טָאטָערֶען הָאבֶּען צוּ אִים גִיזָאגְט מִיר וָועלֶען
דִיר גַאנְץ פֵיין בֶּאלוֹנֶען פַר דִיזֶען נָאר דוּ זָאלְסְט דִיךְ מִיהֶ
דֶער צוּ גֶעבֶּען. עֶר הָאט גִיהֵייסֶען בְּרֶענְגֶען אֵיין שִׁיסֶעל מִיט
רֵייז אוּנ הָט אִיבֶּער דֶעם עֶפֶּעס גִיזָאגְט אוּנ נָאךְ דֶעם הָט עֶר
דָס צוּ טֵיילְט אוֹף עֶלְף טֵייל אוּנ ווידֶער צוּ נַאנְד גִישִׁיט.
אוּנ אוֹס גִימִישְׁט אִיר זָאלְט רֵייטֶען פוּן דַאגֶען אֵיין
שְׁטוּנְדֶע רֵייזֶע אוּנ דֶער נָאךְ אוֹף רֶעכְטְץ אִיז גָארְטִין אֵיין
גְרוֹסֶער טָאל מִיט פִיל גְרָאז בֶּעוַואקְסֶען דָארְט וָועט אִיר
גֶעפִינֶען וָוס אִיר זוּכְט הָאט צוּ זֵייא בֵּאנְזֶע נָאךְ זַיין גִיבֶּעט
גִיזָאגְט. וִוי אֵיין פִּיל פוּן בוֹגֶען הָאבֶּען זִיךְ דִי טָאטָערֶען
אוֹף פֶערְד אַוֶועק גִילָאזְט צוּ זַיין גְלִיק הָט עֶר גִיטְרָאפִין.
אוּנ צְווייא שָׁעה אַרוּם זֶענֶען דִי רֵייטֶער צוּרִיק גִיקוּמֶען מִיט

דִי

די בְּהֵמוֹת צוּ טְרייבּן :

(קאפיטל מ) (דָס גִישׁאַנְק פוּן דִיא טָאטָערְן אוּנ
די שְׁלֶעכְטֶע רֵייזֶע) :

איין גְרוֹסֶע פְּרֵייד אִיז צְווִישֶׁען די לַייט גֶעוֶועזן . אוּנ הָאבְּן גְרוֹסֶע מַתָּנוֹת דַאפִּיר גִיגֶעבְּן אוּנ דַאצוּ אֵיין פַּיין קֶעמִיל גִישֶׁענְקְט וֶועלְכֶעס בַּאנְזֶע נֵייטִיג גִידַארְפְן הָט אִין וֶועג אַרַיין עֶר הָט זַיי גְדַאנְקְט אוּנ זִיךְ גִיזֶעגִינְט מִיט זַייא אוּנ אַזוֹ אַוֶועק גְרֵייזְט מִיט נארי עֶר אִיז גִירִיטְן אוֹף דֶעם קֶעמְל אוּנ נארי אִיז נָאךְ גִיפָּארְן אוֹף אֵיין פֶערְד אוּנ וָואגְין עֶטְלִיכֶע טֶעג זֶענֶען זַיי אוֹף הוֹכֶע בֶּערְג גֶערֵייזְט אוּנ הָאבְּן קֵיין מֶענְטְשׁ נִיט גִיטְרָאפְן אוּנ אַלֶע נַאכְט הָאבִּן זַיי גִימוּזְט זוּכֶען אֵיין הֵייל אִיבֶּער צוּ נֶעכְטִגֶען . אוּנ אַז זַיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעפִינֶען אֵיין הֵייל הָאבִּן זַיי גִימוּזְט זִיךְ אִיבֶּער נֶעכְטִיגְן צְווִישֶׁען שְׁטֵיינֶער אִיבֶּער דִי נַאכְט הָאבְּן זַיי גִימוּזְט טוּשִׁין זֶען אֵיינֶער אִיז גִישְׁלָאפְן אִיז דֶער אַנְדֶערֶער אוֹף גִיוֶועזְן כְּדֵי עֶס זָאל זַיי נִישְׁט טֵייטָען דִי ווִילְדֶע חַיּוֹת אוּנ אוֹיךְ דִי רַייבֶּער וָוס גִיפִינֶען זִיךְ אִין דִי גֶעגֶענְד :

(קאפיטל מא) דָס בֶּעשְׁרַייבּוּנְג פוּן דֶעם
שְׁלֶעכְטֶן גֶעגִינְד :

פִּיל טֶעג הָאבִּין זַיי אַרוּם גִירֵייזְט אוֹף עֶרְטֶער וָואס אִיז גִוֶועזְן בְּלוֹז זַאמְד וָוס הָט זִיךְ נִישְׁט אַמָאל גִיפִינֶען קֵיין בּוֹם קֵיין וַואסֶער זַיי הָאבְּן גֶעלִיטֶען גְרוֹס דָארְשְׁט ווִי אוֹיךְ

פיר

פיר די בְּהֵמוֹת אֲפִילוּ קיין בִּיסֶעל וואָבֶער גארי הָט גִידֶענְקְט אַז דָער פֿאלְשֶׁער בַּאנְזֶע וויל ווידֶער מִיט אִים אֵיין פֿאלְשַׁקייט מאכְן נָאר ווייל בַּאנְזֶע הָט גִישְׁוואוֹרִין דָם ער וועט אִים זיין גיטְרייא וועלכֶעם ער האט זַיין צוּ זָאג נִישְׁט עוֹבֵר גִיוועזְן. אין פִינְף טָאג אַרוּב הָט גארי שוֹן אָן גִיהוֹבְּן אַרוּם צוּ זָעהְן דָע פֶּער ווָם זָענְן אין דֶער גְרוֹסֶער שְׁטָאט פֶּעקִין אַרוּם דָם אִיז די רֶעזִידֶענְט שְׁטָאט פוּן חִינָא:

דֶער מֶענְטְשׁ דֶענְקְט:
אוּנ דָם אוּמְגְלִיק לֶענְגְט:
דוּ דֶענְקְסְט אַז דָם שְׁלֶעכְטֶע הָט שׁוֹן גִיטָאן מַיידֶען:
אוּנ דוּא וועסְט שׁוֹן הָאבְּן פְרֵיד:
אָבֶּער דוּ מוּזְט נָאךְ לַיידֶען:
אֵיין קְלֵיינֶע צַייט:

(קאפיטל מב) דֶער גְרוֹסֶער וַואלְד אוּנ די שְׁרֶעק
אוּנ נאַכְט לֶעגֶר:

פֿין דו אַנְדֶערֶע זַייט (חינא) דְרַייסִיג מַייל פוּן פֶּעקִין גִיפִינְט זִיךְ אֵיין גְרוֹסֶר גִידִאכְטֶער וַואלְד מִיט פִיל יָאר צוּרִיק הָאבְּן זִיךְ אִין דֶעם וַואלְד גִיווֶילְט בַּאנְדאכִינֶער (סאלטאן אָדֶער קייזער) אוּף דֶעם גִייָעג אוּנ דָאס וַואלְד אִיז גִיוועזְן אִין אָרְדֶענוּנְג אבֶער יֶעצְט הָט דָם אוּף גִיהֶערְט אוּנ דֶער וואלְד אִיז פַארְוִויסְט גִיוָוארְן נָאר וַייא הָאבְּן אָבֶּער נִיט גיהאט

גיהאט קיין בעסיר ארט אונ אוך ניט קיין גענטער ארט גיהאט קיין פעקין אריין . אין דעם שיינעם העלן טאג איז גארי מיט באנזע אין דיזען וואלד אריין גיקומען פיל ווילדע (חיות) זענען פאר זייא פאר בייא גילאפין אונ פון ווייטינס האבין זיי גיהערט איין גישרייא פון ווילדע (חיות) לייבן בערין אונ וועלף אוך אנדערע (חיות), גארי הט זייער גישראקין נאר באנזע הט גאר נישט גישראקין וויל ער איז שון פיל מאל דורך דעם וואלד גיפארן ער איז זיך גירימן אוף זיין קעמיל אונ האט גאר נישט גישראקין אונ אזו זענען זיי איין גאנצן טאג אין דעם וואלד גיפארן אונ אז די זון הט אן גהובן אונטער צו גיין אונ עס איז באלד נאכט גיווארן (אין חינא ווען עס הייבט אן נאכט צוא ווערן ווערט אויף איין מאל גאנץ פינצטער) דורך דעם האבן זיי נישט גיקאנט ווייטער רייזען אונ האבן גימוזט אין דיזען וואלד נאכט בלייבן גארי האט זייער גישראקין אבער ער הט זיך אנדערשט נישט גיקאנט העלפן . זייא האבן זיך אום געזוכט איין ריכטיג ארט אונ האבן פייער גימאכט אונ דם פערד מיט דעם קעמיל לעבין זיך גילאזט פאשען אוף דעם גראז דער קלוגער באנזע האט גיהאט איין גרוסע פלאכטע האט ער זיא אן געבינדען אין דער הייך אין צווייא צווייגען פון ביימר אונ זענן אין דער הייך די נאכט גליקליך איבער גענאכטיג וויל דארט האט זיך געפינען ווילדע (חיות) אונ שלאנגן האבן זייא ניט גקאנט אוף דער ערד שלאפן דער טאג האט נאר אנגיהובן צוא ווייזען זענען זייא אוף גישטאנן אונ גישפאנט דאס פערד

אונ האבן ווייטער אין דיזען וואלד גירייזט :

(קאפיטל מג) די שלעכטע נאכריכט :

זאגט גארי צוא באנזע דא מוז שון נאנט זיין קיין פעקין. באנזע זאגט נישט ווייט. צוויי הונדערט וויארסט נישט מער האט באנזע גיענטפערט וואס צוויא הונדערט וויארסט הט גארי זיך מיט שרעק אן גירופן דו האסט דאך מיט אכט טאג פריער גיזאגט עס איז נאך קיין פעקין ווי הונדערט וויארסט. עס איז וואר נאר איך בין פלייסיג איבער דעם פעלד גיפארן דאס איך זאל קענען ביי דיא טאטערן אפ טרעטין אונ ביי זיי עטוואס אן קריגן. וואס האבין מיר זיך צו איילען צו קומען קיין פעקין מיר האבן נאך צייט צוא קומען דארט אין פעקין מוז איך שווער ארבייטען איידער איך קריג איין טאעל (דס איז איין חינישע מטבע) אונ ביי די נארישע טאטערן קאן איך פיל געלד מיט מיינע קינצן אום נארען אזו האסטו מיך פארפירט אונ גנארט. האט באנזע גאנץ גילאסן גיענטפערט איך וועל דיך צוריק אפ שטעלן קיין פעקין אין דריי אדער פיר וואכן. נישט פריער זאגט גארי מיט גרוס צארין. דו מיינסט דס איך וועל דיר העלפין דיא לייט צוא בעטריגען זאגט באנזע דו ברוכסט נישט קיינעם צוא נארין איך וועל דיך נאר נישט באניצען נאר דו וועסט נאר היטען די זאכן אונ אוב עס גיפעלט דיר נישט פרעג איך נאך דיר גאר ג שט דו ביסט אין מיין האנד ווען דוא וועסט מיך דערצערנען

וועל

װָעל איךְ דיךְ דָא אין דֶעם װעסטוּאַרט איבער לָאזין װעסט װיזיום פֿון דַאנֶעט נִישְׁט לֶעבֶּעדיג אַרוֹס , גארי הָט פֿאַר שְׁטַאנֶען דָם בַּאנְזֶע מֵיינְט דָאס אֱמֶת אוּנ אִיז בַּיי אִים אֵין דֶער הַאנְד , זָא הָט עָר גִימוּזְט אוֹיף אַלֶעם שְׁװַייגִין , מִיט אֵיין פַאַרְבִּיטֶערְט הַארְץ אִלְעם צוּ צוּ קוּקִין װָוס זִיר טוּט נָאר עָר הָאט זִיךְ אִין הַארְץ דִי װָערְטָער גִיהַאיְטְן אוּנ הָאט גִישְׁװִיגֶען בִּיז זֵיי װָעלְן נָאר קֵיין פֶּעקִין קוּמֶען װָועט עָר אִים פַּר אַלֶעם צֶער גוּט אָפּ צָאהְלְן :

(קאַפִּיטל מר) דָם אָן קוּמֶען אין דֶער גְרוֹסֶע שְׁטָאט :

אוֹף דָעם דְריטְן טָאג פַּאר נַאכְט זָענֶען זֵיי פֿוּן װַאלְד אַרוֹס גִיפָארְן אוּנ דָער בַּאנְזֶע הָט דֶער זֶעהְן פֿוּן װַייטְן אֵיין גְרוֹסֶע שְׁטָאט װָעלְבֶע שְׁטֵייט בַּייא אֵיין גְרוֹס װַאסֶער װָאס רוּפְט זִיךְ מִיט דָעם נָאמְן (גַא אִין (גא) דָאם הֵייסְט (גרינע רזעקען) זֵיי זָענֶען גִישְׁװִינְד צוּ גֶעפָארְן אוּנ זֵייא זָענֶען אוֹיף דֶער נַאכְט אִין דִיזֶע שְׁטָאט אָן גִיקוּמֶען דָאם עֶרְשְׁטֶע אִיז גִיװָעזְן בַּיי זֵיי אֵין רוּהִיג אוּנ אֵיין גוּטֶעז קְוַאטִיר אוֹים צוּ זוּכֶען װַייל זֵיי זָענֶען זֵייעָר מוּד גִיװָעזְן פֿוּן אַזוֹ אַיין װַייטֶע רֵייזֶע דָאם זֵייא זָאלְן זִיךְ קֶענֶען אוֹס רוּעֶן . צֵייט גארי אִיז אַװֶעק פֿוּן פֶּעקִין הָאט עֶר נָאךְ אַזוֹ רוּהִיג אוּנ בֶּעקְװֶעמְט גִישְׁלָאפְֿן װִי דִי נַאכְט , אִין דָער פְּרִיא אִיז גארי אִין גַאם אַרַיין גִיגַאנְגֶען הָט עֶר בַּאלְד פַּארְשְׁטַאנֶען דָם בַּיי דִי חִינֶער פֵייעֶרְטָאג אִיז װַייל זֵיי זֶענֶען גִיגַאנְגֶען גַאנְץ פֵיין גִיקְלֵיידֶעט אִין אַלֶער הַאנְד קָאלֶערְן קְלֵיידֶער דֶער בַּאנְזֶע הָט דָא פִיל

בְּעטְרִיגֶערַייא גִימַאכְט דָאךְ הָט ,ער גַאנְץ וֶוייניג גֶעלְד אוּם גִינַארְט וַוייל דִי לַייט גַאנְץ ,קארג ,זעגֶען :

(קאפיטל מה) דֶער בַּאטְרִיגֶער: אוּנ דֶער קְרַאנְקֶער חִינֶער :

אֵין אֵיין גֶעווִיסֶען טָאג אִיז בַּאנְזֶע מִיט גארי פַּאר בַּייא גִיגַאנְגֶען פַּאר אֵיין שֵׁיין הוֹז הָאבִּין זַייא גִיזֶעהְן וִוי אֵיין יוּנְגֶע פְרוֹי קְלַאפְּט זִיךְ אִין הַארְץ אוּנ וֵויינְט זֵייעֶר בַּאנְזֶע הָט זִי גִיפְרֶעגְט וָוס זִי וֵויינְט הָאט זִי גִיעֶנְפֶערְט אַז אִיךְ הָער אֵיין הִייבֶער מַאן אִיז גַאנְץ קְרַאנְק אוּנ קֵיין דָאקְטָאר קָאן אִים נִישְׁט הָעלְפְן. זָאגְט בַּאנְזֶע פִיר מִיךְ צוּ דַיין הָער אִיךְ וָועל אִים גֶעזוּנְד מַאכְין. דִי פְרוֹי אִיז אִים צוּ דִיא פִּים גִיפַאלְן אוּנ הָט אִיהְם אַרַיין גִיפִירְט צוּ דֶעם קְרַאנְקִין. דֶער בַּאנְזֶע הָט דֶעם קְרַאנְקִין בֶּעטְרַאכְט פוּן אַלֶע זַייטֶען דָאס עֶר מַאכְט פַארְשְׁטֵיין דִיא קְרַאנְקֵייט אָבֶּער עָר הָט גֶעווִיס נִ שְׁט פַארְשְׁטַאנְן אוּנ הָאט צוּא דֶעם קְרַאנְקִין גֶעזָאגְט דַיין שְׁלַאפְקֵייט אִיז גַאנְץ גִיפֶערְלִיךְ אִין דִיר אִיז אֵיין שְׁלֶעכְטֶער גֵייסְט נָאר אִיךְ קָאן פוּן דִיר דֶעם גֵייסְט אַרוֹס טְרַייבְּן. אַךְ מֵיין בֶּעסְטֶער הָער הֶעלף מִיר דֶר פוּן אַרוֹס אִיךְ וָועל דִיר גֶעבִּין וָוס דוּ ווילְסְט נָאר פוּן מִיר פַארְלַאנְגֶען זָאגְט בַּאנְזֶע נִיט נָאר פוּן דִיר אִים אַרוֹס טְרַייבְּן נָאר מֶען מוּז אִים פוּן דֶער שְׁטָאט גַאנְץ וַוייט אַוועק טְרַייבְּען דָאס ,ער זָאל שׁוֹן מֶער נִישְׁט זַיין אִין דֶער שְׁטָאט דָאס ,ער זָאל אִין דִיר נִיט נָאךְ אֵיין מָאל אַרַיין. הָאט בַּאנְזֶע גִיזָאגְט צוּא דֶעם

קְרַאנְקֶין דוא זָאלְסְט הַייסֶען פַאר נַאכְט אִין דֶער שְׁטָאל אַרַיין לֵייגְן עֶטְלִיכֶע קְלֵיידֶער אונ אַיין גוּטֶען פֶּעלְץ אונ אֵיין גוּט פֶערְד גִיזָאטֶעלְט דָאס עֶר זָאל קֶענֶען אַרוֹס פוּן דֶער שְׁטָאט דֶער קְרַאנְקֶער הָאט בַּאלְד בַּאפוֹלֶען דָאס מֶען זָאל דָס אַלֶעס טוּן וִוי בַּאנְזֶע הָט בַּאפוֹלְן :

(קאפּיטל מו) דֶער גְרוֹסֶער בַּאטְרִיגֶער :

דֶער בַּאנְזֶע הָט עֶפּיס אוֹף גִישְׁרִיבְּן אוֹף אַיין שְׁטִיקְל פַּאפִּיר אונ הָט דָס אַרַיין גִילֵייגְט אִין וַואסֶער . אונ הָאט אִיבֶּער דֶעם וַואסֶער עֶפִּיס גִיזָאגְט . אונ דֶער נָאךְ הָט עֶר גִיגֶעבִּין דֶעם קְרַאנְקִין דָס וַואסֶער צוּ טְרִינְקְן , אונ הָאט אִן גִיזָאגְט אַז דֶער קְרַאנְקֶער זָאל זִיךְ נִיט קַיין רוּעֶר גֶעבְּן . אונ דֶער נָאךְ אִיז עֶר אוֹף אַיין קְלֵיינֶע צַייט אַוֶועק גִגַאנְגֶען . אונ אִיז אָבֶּער בַּאלְד צוּרִיק גִיקוּמֶען מִיט נָאךְ אַיין בַּאנְזֶע (אַזוֹא אַיין בֶּעטְרִיגֶער וִויא עֶר) אונ הָאבְּן מִיט גִיבְּרֶענְגְט צְוַויי גְרוֹסֶע פַּאקִין . אונ הָאבְּן שְׁטַארְק אוֹף זַיי אַיין גְפַּאקְט דָס דֶער שְׁלַאפֶער הָט נִיט גִיקָאנְט אוֹם הַאלְטְן אונ הָט זִיךְ גִימוּזְט דִי אוֹעֶרְן צוּ שְׁטֶעקִין . אונ וֶוען זַייא הָאבִּין שׁוֹן אוֹף גִיהֶערְט צוּא קְלַאפִּין הָט דֶער בַּאנְזֶע דָאס אוֹעֶר צוּא גִילֵיגְט צוּא דֶער בְּרִיסְט פוּן קְרַאנְקִין אונ הָאט אַיין קְלֵיינֶע וַואלֶע צוּ גִיהֶערְט . אונ נָאךְ דֶעם הָט עֶר דֶעם קְרַאנְקִין גִיזָאגְט אַז פֶאנְקְט הַאלְבֶּע נַאכְט וֶועט דֶער שְׁלֶעכְטֶער גֵייסְט אַרוֹס פוּ אִים . עֶר הָט זִיךְ בַּאלד גִיזֶעגִינְט

מִיט דָעם קְרַאנְקִין אונ מִיט אַלֶע לַייט פוּן דֶעם הוז. אונ זַיי הָאבְּן עָהְם גוּט בַּאלוֹנְט אונ גֶידַאנְקְט. עֶר הָט גִיזָאגְט דָם עֶר קֵיין צַייט הָאט דָא מֶער צוּ בְּלַייבְּן. ווארוּם מֶען רוּפְט אִים ווִידֶער צוּא אַיין קְרַאנְקִין. צוּא מָארְגֶענְם פְּרִיא הָאט דִי פְרוֹי ווִידֶער דָעם בַּאנְדָע אוֹיף גִיזוּכְט אונ אִים גִיזָאגְט אַז דָעם קְרַאנְקִין אִיז נִיט בֶּעסִיר. גָאר דָער בֵּייזֶער גֵייסְט הָט שׁוֹן גִימוּזְט אַרוֹס ווָארוּם דִי אַלֶע זַאכְן ווָם מֶען הָאט אִין שְׁטַאל אַריין גֶלֵייגְט אונ דָם פָעֶרְד. זֶענֶן נִיט דָא. הָט דֶער בַּאנְדֶע גִיזָאגְט. יָא! ווֶען דִיא זַאכְן זֶענֶן שׁוֹן נִיט דָא אִיז שׁוֹן דֶער גֵייסְט אַרוֹס אונ אִיז אַוֶועק פוּן שְׁטָאט. זָאלְסְטוּ ווִיסֶען אַז דֶער קְרַאנְקֶער ווֶעט שׁוֹן גְּווִים גִיזוּנְד ווֶערְן. עֶר הָט בַּאלְד גִיזֶעהֶן צוּ פַאר קוֹיפְן דִי אַלֶע זַאכִין אונ קְלֵיידֶער ווָאם עֶר הָאט אוֹם גִינַארְט אונ דָם פֶערְד, אונ אִיז גְלַייךְ פוּן שְׁטָאט אַרוֹס. אֵיידֶער מֶען ווֶעט נָאךְ דֶער גֵיין פוּן זַיין בֶּעטְרִיגֶערַייא, אַצוּנְד ווֶען אִיךְ ווֶעל נָאךְ אַיין זַאךְ אוֹם פִירְן ווָאס אִיךְ קְלֶער ווֶעל אִיךְ שׁוֹן גְנִיג רַייךְ זַיין אַזוֹא הָאט דֶער בַּאנְדָע צוּא גארי גִיזָאגְט אַרוֹס פָארֶענְדִיג פוּן שְׁטָאט:

(קאפיטל מז) (:יא גְרוֹסֶע הֵייל אונ דֶער גְרָאבְּן מִיט פִיהְל רֵייכְטוּם:

מִיר ווֶעלְן פָארִין צוּא דֶער גְרוֹסֶע הֵייל פוּן דֶעם קְנַאז (קואנזע) פוּן דִי מָאטֶערְן פֶעלְדִין בֶּעיאחְמֶעט ווָם עֶר אִיז גִיוָועזְן דֶער גְרוֹסֶער שָׂאךְ פוּן דֶעם גַאנְצִין שְׁטִיק

לאנד וואס קער צוא די טאטערין , אין דר הייל איז איין גראבין (קבר) , דארט וועלן מיר צו גאנד נעמין פיל גאלד אונ זילבער . אונ דימאנטין דא וועלן מיר שון פארין גלייך קיין פעקין אונ שון נישט אין ארגעץ אפ טרעטין . האט זיך גארי מיט צארן אן גירופן ווי איז דם די (הייל) אונ דער גראבין (קבר) האט דער באנזע גיענטפערט צוואנציג וויארסט פון דאנען , אויף יענע זייט אונטערן בערג לאמיר גאר געך צוא פארן אונ ניט אום זונסט זאמען . דער באנזע האט אן גיהובן שטארק צו צו טראבן אונ צוא יאגן דאס קעמיל . איין גאנצן טאג זענין זיי גיפארן אין דר גרוסער ויסטעניא (מדבר) וואס קיין טראפ וואסער אונ קיין שום ביימעל איז ניט גיוועזן צו זעהן . דאך האט דער באנזע דער זעהן פון דער ווייטן איין בערג אונ אונטן פון דעם בערג איז גוועזן דיא הייל . דער באנזע האט בעטראכט די גרוסע הייל וויא דער גרוסער קנאז פון דיא טאטערין איז גלעגין . נאך דעם האט זיך דער באנזע אן גיטועגן אויף גאנצין קערפער פעל פון א קעמיל . אונ פון אובין האט ער נאך אן גיטועגן צווייא גראבע קליידער עס איז אים גאר נישט גיוועזן צוא דער קענין פאר א מענטש . אונ גארי האט דם אלץ מיט פר וואנדערונג צו גיזעהן אונ האט נישט גיקאנט פאר שטיין צוא וואס דם קער אונ אזוי האט ער זיך צו גיקאלערט צו דער הייל :

(קאפיטל מח) דיא וואונדערליכע הייל אונ דער גראבין פון דעם קנאז :

די הייל וואס דער קנאז פון די טאטערין איז גיוועזן אין איר באגראבין . איז גיוועזן טיף אין איין בארג ארין ארום גימארט מיט גרוסע ציגעל אונ שטיינער, אוף וועלכע עס איז גיוועזן אום גיקריצט אלער האנד פיגארין . אונ ארום גיזעצט מיט גרוסע ביימער אונ לעבין דיא ביימער ארום ג זעצט אונ אום גיארבעט מיט שפיציגע שטיינער צו וועלכין עס איז ניט מעגליך גיוועזן צוא צו קומען אונ דער איינגאנג איז אוך גיוועזן פאר ארבעט מיט גרוסע שפיציגע שטיינער אונ גאר אונטן איז גיוועזן איין קליין אייזערן טירעל . אונ ביי דעם טירעל זענן גישטאנען אום שטיין אום גיארבעט צוויי שלאנגן אונ עס הט אום גיזעהן אזו ווי זיי וואלטן גישיט פון מויל פייער, צו דער הייל הט זיך דער באנזע צוא גיקאלערט . ווארום גיין הט ער ניט גיקאנט איבער דיא פעל וואס ער האט זיך אן גיקלייד . אין דער לינקער זייט ביים דעם טיריל אונטער איין גרוסען שטיין אוף וועלכען עס איז, גיוועזן אום גיקריצט איין מענטש וואס האט גיהאלטן אין דער האנד איין בויגן, האט דער באנזע אונטער דעם שטיין גיזוכט אונ האט אפיר גינומען א שליסל אונ אוף גישלאסן דאס אייזערנע טירל אונ ווי ער האט נאר גיעפינט דאס טירל

איז ער גפאלן אונ הט גישריגען יעמערליך נארי זאל אים העלפן נארי האט גאר נישט גיקאנט פאר שטיין וואס דאס זאל אלץ בעטייטן. ער הערט ווייטער דעם באנזע שרייען ער איז גליך צוא גילאפין אבער וויא פאר וואנדערט האט זיך נארי אז ער האט דער זעהן אז דער באנזע איז ווארן פיל מיט פיילן אן גישטאקט . דא האט שון נארי פאר שטאנען וואס די איר זאך איז :

(קאפיטל מט) דיא מאטערישע מאשין וואסשיסט פון זיך וועלבסט :

די טאטערן האבן איין שיינע אונ וואנדער מאשין אין וויא הייל גישטעלט . צוא זייער קנאז (שאך) וועלכע פון זיך זעלבסט שיסט זיא מען נאר דם טירעל אוף מאכט ווען מען נאר אוף שליסט פאנגן אן פיילן וויא האגיל צו פליען אוף דעם וואס אוף גישלאסין האט אונ דערקען זיך ניט אין ערגיץ באהאלטן ווייל פון ביידע זייטען זענען שפיצינגע שטיינער ארום גיזעצט . אונ דאס האבן דיא טאטערין פליים גימאכט אז צוא היטען דאס געלד אונ זילבער אונ פיל גוטץ וואס מען דעם גרויסען מאן מיט גיבט . דא האט שון נארי פאר שטאנן נאך וואס דער באטריגער האט זיך מיט אזוי פיל קליידער אין גיקליידעט ער האט פריער פאר שטאנן אז דיא פיילן קענן אים שעדיגן . נארי הט פון אים אלע פיילן ארוס גיצוגן נאר צו

נייערע שארפע שפיצין האט ער זיך ניט צו גירירט ווארן נייא זענן גיוועזן פאר גופט אונ נאך דעם האט ער גיהאלפן דעם באנזע אום טוען די פעהל אונ די קליידער אונ ווי גארי הט אקוק גיגעבן אין דער הייל ארײַן איז ער גאנץ דער שראקין גיווארן. בייא דעם בעט וואס דער קנאז איז דרוף גילעגין זענן גילעגין גאנצע בערגער. גאלד אונ זילבער. זיידענע אינ פיל אנדערע טייערע קליידער באזעצט מיט טייערע שטיינער דימאנטין אונ בערלאנטין אונ נאך פיל גאנץ טייערע זאכין וואס גאר נישט צוא באשרייבן וואס דיא עלטערין אונ פאמיליע פון דעם גישמארבענעם קנאז מיט גיגעבין האבי. ארום דעם בעטיל זענען אויך גישטאנען פיל קליינע נאך יונגע מיידליך. אונ יונגליך וואס ביי דעם שטארבן פון דעם קנאז האט מען זיי גטייט אונ אים מיט גיגעבן אז זיי זאלן אים באדינגען ווערכע פון דיא דינער האבן גיהאלטן אין דיא הענט פייפין (לילקעס) (טאבאק) שרייב גיצייג אונ פיל ביכער. דער באנזע וואס זיין לעבין איז גאר גיוועזין געלד. האט דיא פילע זעק מיט גאלד אונ זילבער אן גישטופט וואס איין הארץ האט נאר אן גיגלוסט. אונ האט ווידער פאר שלאסן דאס טיר אונ דעם שליסעל באהאלטן אונ פאר שארט דעם שאד פון זיינע פיס דען דאס איז גאנץ נייטיג גיוועזין אז די מאטען זאלן ניט מערקין פון זיין שפיץ באבערייא אין איין האלבע שטונדע נאך דעם

שעפט איז שון דער באנזע און גארי ווידער אין וועג
וועזין און דער באנזע האט גיבעטין גארי דאז ער זאל
ך אוך צו איילן אז זייא זאלן נאך דעם זעלבן טאג אין
ער גראסע שטאט אריין קומען אין וועלכער ער האט
וף איין קארוואן (באהן) זין צוא מרעפין און מיט דעם
ארוואי) שון ווייטער זיכער צו רייזן. דען דער באנזע האט
יער גישראקין פר די רייבער וועלכע זיך דארט אין דער
יסטע (מדבר) ארום מרייבן זיי זאלן אים ניט באפאלן און
לץ אוועק נעמין. איין לאנגע צייט איז דער באנזע גירימן
וף דעם קעמיל גאנץ פאר מראכט און האט קיין ווארט
ניט גירעט:

קאפיטל נ) (דם שלעכטע מרעפינג און ווייטער
אום גליק):

גארי האט אים גיפרעגט וואס ביסטו אזוא פא־
טראכט צוא דוא האסט חרטה אוף דעם וואס דוא האסט
גימאכט. ניין ניט דם קלער איך איך שרעק זייער פאר דיא
רייבער וים גיפינען זיך אין דעם געגין ווייל איך וויים אז
פיל ערליכע קופפלייטע זענען דא איף דיא ערטע־
אומגליקליך גיוואורן פון דיא פאר פליכטע רייבער. ביז
יעצט האבע איך ניט גיהאט וואס איבער צו טראכטין
אבער יעצט ווען איך אזוא פיל געלד און גאלד און
זילבער:

(קאפיטל נא) דיא גרויסע שרעק אונטער אום באקאנטע
רייטער :

אין דעם איידער ער האט נאך דאס ווארט זילבע
אום נירעט איז ער גיבליבן ווי שטום אונ גאנץ דר שראקי
גלייך אים וואלט איין דונער גיטראפן וואס איז מיט דיר האט אינ
גארי גיפרעגט. וואס איז מיט דיר פ ר שרעק האט ער ניט
געקאנט ענטפערן גאר איין שטארקין זיפץ גיגעבין . גאר
גארי האט פאר שטאנן אז ער כוו דא איינעם זעהן אזו
האט זיך גארי ארום גיקוקט האט ער דער זעהן פון ווייטן
איין רייטער צוא זייא צוא רייטן וואס ברעננסטו אונ
וואס זאגסטו גוטץ ליב קינד, האט דער באנזע גאנץ
שטיל גיפרעגט דעם רייטער אך פאר לאנג אז דער
הייליגער באנזע זאל מיך בענטשין אונ דער לובן צוא
אזאמען צו רייטן האט אים דעם רייטער אפ גיענטפערט
אונ זיך גינייגט אינ וויא אהין רייטסטו איך דער יאג
דעם (קארוואן) וואס האט זיך גישטעלט אפ רוהן אונ פאשען
פינף ווערסט פון דאנען וואס עס קאן ניט זיין, איז דאס
מיגליך אז אזו גאהנט איז דר (קארוואן). האט מיטגרוס
פרייד דער באנזע זיך אן גירופען עם פרייד מיך זעהר,
אונ ווער ביסטו. איך בין דער אבער (נאטשעלניק) פון
די (כאלדאטין) אונ היטער וואס שיטצען בייא דעם
קארוואן) דיא רייד אונ דעם ענטפער פון דעם רייטער
האבן

בין גאנץ רוהיג  און ער פרייט דעם (באנוע) און ער
יז גאנץ פריילעך  געווארן און זענן צוא אזאמן ווייטער
רט: און האבן צו אזאמן גאנץ פריילך געשמוסט און
ו איז פאר  ביא געגאנגן איין האלבע (שעה) און דעם
ארוואן) איז בשט געוועזן צוא זעהן. נאך דאנג וועט
רין ביז מיר וועלן קומען צו דעם (קא־וואן) האט דער
אנזע דעם רייטער ניפרעגט. שון באלד. אט זעהט
ע: שון ארום פון אונטער דיא קליינע (קשאקים) דיא פיקעס
ן דיא (סאלדאטין) וום פירע: דעם (קארוואן). האט דער
טער גיענטפערט אינ גוויזן אוף לינקס וויא מען האט
רום ג זעהן עטליכע באוואפינטע מענטשין אהא איך
עה האט דער באנע מיט גרוס פרייד אגישריא גיגעבן
גרוסען  דאנק דעם גרוסען פא:

קאפיטל נב) די פאלשע פערד)

אצונד בין איך דער גליקליכסטער אן דער וועלט
יך וועל מיר שן קאנין רי ז. אן שרעק. נאר מיין ליב
נד מיר מוזין אוך אן דיא אומגליקליכע אוף גידענקין
לבע דא אין דעם וויכטיגען ארט פאר ערט (בלאנזעט)
ען ועלכע געווים דארשט און הינגער לידן. מע מ ז
י אוך עטליכע פערד שיקן דעם דער באנזע מיט איין
ריווליכע מינעצו גארי ניזאגט. וואס קאן פערט קענין
מיר

מיר זייא געבין. ווען מיר האבן אליין ניט. האט זין
גארי אפ גירופן מיט פאר דראם. איך וועל דיר באלד
ווייזן האט מיט גילאכטער דער באנזע גיזאגט. ער האט
ארום גינומען פון זיין רייזע טאש עטליכע שטיקליך
פאפיר איז גיוועזן אין פערד אוף גימאלט. אינ האט דיא
פאפירליך גיווארפין אין דער הייך. אונ האט דער בייא
עפים גיזאגט. פון דעם וועט דער גרויסער פא מאכין
פערד אונ די אומגליקליכע וואס זיי זענן דא פר ערט וועלן
זיך (ראטעווען). גארי האט מיט פר דראם צו גיהערט די
רייד פון דעם באטריגער באנזע. אינ דער רייטער ווען
ער איך איין חינער וואהר האט ער אויך אום די רייד
גילאבט. אונ איז אראפ פון זיין פערד אונ צוויי פון דיא
פאפירליך אוף גיהובן אונ דער באנזע האט דם גאר ניט
גימערקט ווייל ער איז זייער פיילך גיווארן אז ער וועט
גלייך צו איין (קארוואן) קומען. אונ אזו זענן זייא ווייטער
גיפארן נאך אין איין האלבע שטונדע זענן זייא צו גיריטן
צו דעם ארט וואס דער רייטער האט זייא גיוויזן אז דא
האט זיך אפ גישטעלט דער (קארוואן). אונ ווייא זייא זענן
נאר צו גיקומען צוא דעם ארט זענען דרייא באוואפינטע
טאטערין פון דיא ביימליך (קשאקעם) אפיר גיקומען
אונ האבן זיך גינייגט פאר דעם באנזע אונ אים גיזאגט
זיין זיא וואהל קומען (ברוך הבא) הייליקער דינער פון
דעם גרויסן פא:

דאס

(קאפיטל נג) (דס אום גרעכטע אונ גליק :

אונ צווי פין זיי זעני גיפאלן פאר דעם באנזע אונ
אום גיצוגין אויף דער ערד אז זיי האבן אים דעם וועג
שטעלט . וואס האט איר מיר ליבע . ברודער דעם
פאר שטעלט אונ שטערט מיר ווייטער צוא פארין
ט זיך דער באנזע מיט שרעק אפ גירופן דען ער
ט גליך פאר שפאנען או דא וועט עפעס ניט גוט
אונ האט זיך שון צום ביגין גינומען . אבער ער
גיבליבען גאנץ דער שראקין אונ בלייך שטיין , אך
ה דיא (טעטיווע) (אבער כטראיע) איז בייא מיין בוין
נער גישניטן , האט ער צוא גארי מיט שרעק גיזאגט
אים דעם בוגין גיוויזין . נאך וואס נעמסטו דיך צום
עדר-היילגער דינער . נאר מיר פאר האפין אז דוא
מט אינז ארעמע מענטשן וועלכע דיר אזו פיל האנער
ביילן . ניט וועלן קיין שלעכטץ טוען אזוא האבן דיא
טער צוא דעם באנזע מיט גילעכטער גיזאגט . וואס
ט איר פון מיר . צוא איר זענט רייבער איהר ווילט
רייבין איין היילגען דינער פון דעם גרויסן פא . אזוא
ט דער באנזע מיט גרוס שרעק אונ ציטערניש גיזאגט
ר זענען ארום בעסטער היליגער באנזע מיר דארפין
לד . האט אים איין רייטער גיענטפערט . מיר זענען

מיר

מיר מיר דארפן אכטונג געבן אז מיר זאלן האבן אויף וואס צו
רייטן. האט זיך דער צווייטער אפ גירופן מיר וועלן דיר
איין גנאדע (טובה) טוהן: דוא זאלסט ניט דארפן אליין
אויף דעם אלעס אכטונג געבן. אונ שרעק האבן. וועלן
מיר עס ביי דיר צוא נעמין. האט זיך דער דריטער
אן גירופען, אונ האבן אים אהם גירינגלט אונ גיהייסן
אים אראפ גייען פון זיין קעמיל. אז ווענט איר שוולער
גנבים (רייבערס). נעמט אלץ וואס ביי מיר זיך גיפינט
נאר איר זאלט וויסן אז דר גרוסער פאה וועט זיך פאר
מיר זיין הייליגע דינגער אז נעמין. אין וועק ניט פאר
צייען (מוחל) זיין אונ עס וועט ענק גאנץ שלעכט אוס
גייען. דער באנדע האט גימיינט מיט דיא ווערטיר דיא
טאטערן איבער צוא שרעקן. אין פון גייער לוז צוא
ווערין:

קאפיטל נד (דיא גאנצע שלעכטע אנטפארט):

אזוא דוא ביסט איין שוולער (גנב) איין רייבער
איין באמרינגער אבער ניט מיר. זי האט איין רייטער
מיט צארין צוא דער באנדע גיזאגט דוא האסט באר בים
דעם גראבן (קבר) פון אונזער אביר (גאטשולניק) אונטער
ליבען קיא. אף וועלכן מיר שטרענג אכטונג געבין,
דער מינצטער אין דער שלעכסטער אונ גימיינסטער פון
דיא טאטערן וואלט זיך ניט אונטער גישטאנען אזוא
אזוי

אין זעכציג אונ אכט ערליכע אונ פאדלע נאך צו טאן .
איין טויזין קעפי' צוא באשטאלן . נאר מיר ערליכע
דינער פון דער וויסטע (מדינה) העלן מיר ניט צוא לאזין
דאס אזוא איין באטייגער ווייא דוא זאלסט דייך ווערין
מיט אזוא איין רייכטהום פון דעם גראבן פון אונזער
זעליגען קנאז , דעם אונן בליק ניט אלץ אהער . וואס
דוא האסט אין דער הייל גינומען ביא דעם היילינגען
קעפיר (ג"ף) אינ מיר וועלן עס באלד צוא ריק פירין
אוף זיין ארט . אוב ניט וועט דיך דיין לעבן קאסטן
מיט גרוס שרעק האט דער באנזע גאנץ גישווינד אלץ
ווידער די טאטערן צו ריק גיגעבן . ווייא ער האט דיא רייזי
פון זייא דער הערט . אונ איז זייא צוא דיא פיס גיפאלן
אונ גיבעטן זייא זאלן אים פאר צייען (מוחל) זיין :

(קאפיטל נה) (דאס רייכטהום אפ נעבין אונ דיא
טויט שרעק :

ערליכע קינדער פון דעם גרוסן פא'. דא האט
איר דעם נאצין רייכטהום ווידער צוא ריק נאר געשינקט
מיר מיין לעבן . אינ לאזט מיר דאס קעמיל אז ניט מוז
איך אונז קומען אין דער וויסטי (מדבר) האב די רייטער
גיזאגט מיר פאר לאנגען ניט דינס מיר זענען ערליכע
לייט אונ דאס אנדערע וואס האסטו צוא שרעקן . דוא
האסט דאך דיינע פיל פעדר אין דיין רייזע טאג . אונ
האבן

הָאבִּין אִים אָפּ גִיגֶעבִּן דִי צְווייא פַּאפִּירְלִיךְ וָואס עֶר הָאט פְרִיר אוֹף דֶעם וָועג גֶיוָוארְפִין . אוּנ דֶעם בַּאנְזֶע גִיזָאגְט נַא זֵייא וָועלִין ד״ר צוּ נִיץ קוּמֶען :

(קאפיטל נו) (דָאס בִּיטֶערֶע גִיזֶעגִינֶען :

אַטְיֶעה . דֶער הֵיילִיגֶער . בַּאנְזֶע . נָאר וַוייטֶער נִישְׁט צוּא הָאבִּן . קֵיינֶע גְרוֹסֶע אוּגִין אוֹף פְרֶעמְדֶ גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער . פַאר גֶעם נִיט אַז מִיר הִיטֶען שְׁטְרֶענְג דִיא הֵיילִן פוּן אוּנזֶערן קְנַאז . דִי לֶעצְטֶע רֵייד פוּן דֶעם רֵייטֶער אִיז שׁוֹין נִישְׁט גִיוֶועזְן צוּא הֶערִין זֵייא הָאבִּן אַשְׁמִיץ גִיגֶעבִּין דִיא פֶערְד אוּנ צוּא דִי בֶּערְג צוּא גִירִיטְן . דֶער בַּאנְזֶע הָאט זֵייא גַאנְץ צָארִינְדִיג נָאךְ גִיקוּקְט נָאר אִין אֵיין קוּרְצֶע צֵייט אִיז זַיי שׁוֹינְט נִיט גִיוֶועזְן צוּ זֶעהֶען אַ אֵיינְפַר טְרִיבְּט הַארְץ הָאט זִיךְ דֶער בַּאנְזֶע אוֹף דֶעם קֶעמִיל גִיזֶעצְט . עֶר הָאט זִיךְ גוּט אִין דֶעם מַאנְטִיל אֵיין גִיוִויקִילְט אוּנ צוּ רִיק גִירִיטְן אִין דֶער גְרוֹסֶע שְׁטָאט אִין וָועלְכֶע עֶר אִיז פַאר עֶטְלִיכֶע טָאג גִיוֶועזְן אוּנ גִיהֵיילְט אֵיין חִינֶער אָבֶּער בֶּעסֶער צוּ זָאגְן בַּאטְרִיגְן אֵיין קְרַאנְקִין חִינֶער דִיא זוּן אִין ווינְטֶער שֵׁיינְט אָבֶּער דֶער פְרָאסְט טוּט מִיר שְׁטֶערִן עֶס אִיז נִיט אַזוֹ וִויא דֶער מֶענְטְשׁ מֵיינְט דֶער שְׁטָארֶעם טוּט נָאךְ גִיט אוֹף הֶערְן :

(קאפיטל נז) דָאס אִיבֶּער טְרַאכְטֶן פוּן שלעכְטִין צוּ שְׁטאנְד:

עֶס אִיז שׁוֹן מֶעהְר וִויא אָיאר פַאר בַּייא וִויא גארי אִיז אוּם גִיוָוארְפֶּן גִיוָוארְן קֵיין (חינע) עֶר הָט גִידַאנְקְט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶער בַּאשֶׁעפֶער וַוייל עֶר אִיז לֶעבְּן גִיבְּלִיבֶּן עֶר הָאט גִידֶענְקְט וִויא; צוּם גֶעבְּסְטִין אַיין אַרְאפֶּעשֶׁע שִׁיף צוּא גֶעפִינֶען אוּנ וִויא צוּם גִישְׁווינְסְטֶן צוּא זַיין פַאמִילְיֶע אַהֵיים קוּמֶען צוּא אָבֶּער עֶס אִיז נִישְׁט אַזוֹ וִוי דֶער מֶענְטְשׁ דֶענְקְט . וָואס גארי הָאט גִיקְלֶערְט נֶענְטִיר צוּ קוּמֶען אִיז עֶר אַלְץ וָואס אַמָאל וַויטֶער אוּנ טִיפֶער קֵיין חִנָא אַרַיין גִיקוּמֶען . אוּנ אַז עֶר הָאט זִיךְ דֶער מַאנְט פוּן זַיין פְרוֹיא אוּנ קִינְד אוּנ עֶס וֶוערְט אִים וָואס אַמָאל שְׁוֶועהְרֶער צוּ זִיא צוּא קוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ בַּאגָאסִין מִיט טְרֶערִין אוּנ עֶס הָאט אִים דָם הַארְץ אוּם גִירִיסֶן אוּנ פִיל מָאל הָאט עֶר מִיט גוּטֶען אוּנ מִיט בַּייזְן גִיבֶּעטִין דֶעם בַּאנְזֶע אַז עֶר זָאל אִים שׁוֹן פָארְט צוּרִיק פִירִין קֵיין פֶּעקִין אַז נִיט הָאטְשׁ אִים דֶעם וֶועג וַוייזִין . אָבֶּער דֶער בַּאנְזֶע הָאט נָאר גִילַאכְט פוּן אִים אוּנ גְזָאגְט עֶר הָאט נִיט וָואס צוּ אַיילִין אַיין מָאל וֶוען זַייא הָאבִּין אַזוֹ גִירֵייזְט צוּא זַאמֶען הָאט גארי גִיפְרֶעגְט דֶעם בַּאנְזֶע מִיט גְרוֹיס צָארְן זָאג מִיר וָואס וֶועט זַיין סוֹף זַיין בַּייא דִיר . הֶער אוּם גארי אִיךְ שְׁוֶוער דִיר אַז עֶס אִיז מִיר זֶעלְבְּסְט שׁוֹן נִיט לִיבּ אַרוּם צוּא טְרַייבְּן זִיךְ אִין דִיא

וויסטעניש צווישען דיא דאמע טאטערין. נאר ווי באלד איך חעל נאר צו גאנר מאכן פופציג טאלער. ווייא איך פאהר דא אין דער שטאט (גאציע פא), וועל איך שון זעלבסט נאך פרעגן וויא ארום עס איז געענטיר דער וועג קיין (פעקין). שווער איך דיר אז מיר קערין זיך שון אום קיין פעקין. נאר פרער מוז איך נאך דריי אבער פיר טאג אין (גאציע פא) **בלייבן**:

(קאפיטל נח) (די שטאט (גאציע פא) אונ איר געגין):

צוו שין צוויי גרויסע בערג ארום דיא שטאט זענן פיל רייז פעלדר אונ אוך פיל פאנגר קי פון (פייאנץ), אונ אזו וויא דער באנצע אונ גארי האבן קיין געלד ניהאט האבן זיי זיך איין קוואטיר אפ גינומען אין דעם הויז פון דיא ארעמע (הקדש) אונ אזוא האבן זייא גינעכטיגט צוא אזאמן מיט דיא ארעמע, אונ האבן נאר אנלוס ביסעל רייז גיגעסן וואס דיא ארעמע לייט האבן זייא פון זייערם ניגעבן וואס זייא האבן אום גיעמילט. איין גאנץ שלעכט לעבין איז דא פאר דיא ארעמע לייט האט איין בעטליר צוא גארי גיזאגט. אין (פעקין) איז פיל בעסיר פאר אונז ארעמע ברודער. פאר איין האלבין (קאשא) (קאפעק) קריגט מען איין גוטען נאכט לעגיר אונ ווארעם. אונ דא מוז מען ליגען אויף דער הארטער ערד. אונ דארט קען

מען געביר קריגן עמליבע (קאפעק) : ווארום דארט וואנט אונזער אפער (גאטשעלניק) פון די ארעמע לייטע , האט גארי מיט פאר ווינדרונג גיפרעגט . וויא איז דאס אזו איין (בילעך) נאכט (לעגער) צוא קריגען עס איז מיר אווינדער אז דוא האסט ניט גיהערט פון דעם (האטעל) (אונטער דעם נאמן הינערנע פעדערין) , האט אים דער בעמלער גיענטפערט. דארט איז איין גרוס צומער אונ עס ליגט אפ גישיט (פעדערן) אויף איין אייל הויך אונ דא קומען נזכבזיגען , ווער עס וויל גאר קיין אונטער שיט . פריער האט נאך יעדערער איין מאטראץ (צוא דעק גקריגען יאר וויל עס זענן פיל פאר פאלן גיבליבען האט מען יעצט נימאכט איין מאטראץ וואס דיא גאנצע שטוב אונטען צוא גדעקט [illegible]ונ דיא (מאטראץ) איז גיבאכט אוף שטריק אונ אלע אוף דער נאכט ווערט זיא ארא[illegible] גילאזט . אונ עס איז גימאכט אין דער (מאטראץ) פיל לעכיר . אז מען זאל קענן דעם קאפ ארוס שטעקין , אין דער פריא וויא מען גוט איין צייכן מיט איין פאק קלאפן נעמין אלע ארוס דיא קעפ פון דא לעכיר . אונ דער (מאטראץ) ווערט ווידער ארוף גיצויגן אין דר הייך , נאך פיל זאכין האבן דיא (בעטלערס) דער ציילט נאר ווייל גארי איז גאנץ מוט גיוועזין האט ער באלד שטארק איין גישלאפין . אונ דער פריא ווען גארי האט אוף גוואכט האט ער שון קיינעם פון דיא (בעטלירס) ניט

גיטראָפּין זייא זענן זיך צוא גאַנגן אין דער שטאָט בעטלין , אונ דער באַנדע איז שון ניט גיוועזן עס האָט גארי גיוואונדערט וויא ער האָט געקאָנט אַזוֹ פריא גיין :

(קאפיטל נט) (דער קראַנקער חינער אונ די (צערמאניעס) אונ דאס באַגרעבעניש פון די חינער) :

גארי איז זיך אביסעל אַרום גיגאַנגען פאַר דעם טויער אָבער וויא פאַר וואונדערטאי ער גיוואָרן אז ער האָט דער זעהן אז דער באַמערינגער באַנדע האָט זיך שון גיהאָט אוֹף גישטעלט איין באַדיל פון ליינוואַנד אונ גינאַרט דיא לייט מיט קרייטעכץ וואָס ער האָט אוֹף גיקליבען . אין דער צייט וויא דער באַנדע האָט אַלץ גישריגען אונ אום גירופען אז ער האָט גאַנץ מייערע היילינגע רפואות צוא פאַר קויפן , איז צוא גיקומען איין רייכער חינער אונ דעם באַנדע צוא איין קראַנקין גירופען ער האָט אים גירעכינט פאַר איין גרויסן דאָקטער . דער באַנדע איז פון דעם גאַנץ צופרידען גיוועזין אונ איז גלייך מיט גיגאַנגין . דער קראַנקער איז דעם (מאנדרינעם) (גאבערנאטער) איין זון גיוועזן . וויא דער באַנדע אונ גארי זענען אוֹף דעם הויף פון דעם (מאנדרינע) גיקומען האָבין זיי גיזעהן ווי איין (טישלער) (סטאלערז) שון איין טרומנע מאַכין פאַר דעם קראַנקינס וועגן , אין דעם צומער פון דעם קראַנקין האָט .

הָאט דֶער בַּאנְזֶע פִּיל גְרוֹסֶע לַייט גִיטְרָאפִין עֶר אִיז גְלַייךְ
צוּ דֶעם קְרַאנְקִין צוּ גִינַאנְגִין אוּנ הָט אִים גוּט בֶּעטְרַאכְט
הָאט דֶער בַּאנְזֶע צוּא אַלֶע גִיזָאגְט אַז מִיט דֶעם קְרַאנְקִין
בַּאשְׁטֵייט גַאנְץ שְׁלֶעכְט אִיךְ קָאן גֶעבִּין פַאר דֶעם
קְרַאנְקִין אֵיין מֶעדֶעצִין אָבֶּער אִיר מוּזְט מִיר גוּט בַּאצָאלִין
וַוייל זַייא זֶענִן גַאנְץ טַייֶער. דֶער קְרַאנְקֶער הָאט נִיט
גִיוָאלְט דִיא (מעדעצין) אֵיין נֶעמִין אוּנ הָאט נִיט גִיהֵייסִין
קֵיין גֶעלְד אוּם גֶעבִּין בֶּעסִיר הָאלְט דָאס גֶעלְד אוּף מֵיין
בַּאגְרֶעבֶּענִיש, אָבֶּער דִיא עֶלְטֶערִן הָאבִּין דֶעם קְרַאנְקִין
גִיבֶּעטִין אַז עֶר זָאל דִיא (מעדעצין) אֵיין נֶעמִין, אוּנ זַיין
(באגרעבעניש) וֶוען עֶס וֶועט אוּם קוּמֶען וֶועלִין זַיי אַזוֹא
אוּךְ הֶערְלִיךְ מַאכִין, אוּנ הָאבִּין גִיבֶּעטִין דֶעם בַּאנְזֶע אַז עֶר
זָאל מָארְגִין אוּךְ קוּמֶען אוּנ דֶער בַּאטְרִינֶער אִיז דְרוּף
גֶעוֶרִין בַּאשְׁטַאנֶען עֶס זֶענִין פִּיל הִינֶער צוּא דֶעם
קְרַאנְקִין גִיקוּמֶען אוּנ דִי זֶעלֶע (נשמה) פוּן דֶעם קְרַאנְקִין
נִיט אַרוֹם צוּ לָאזִין. אוּנ גִיבֶּעטִין אַז זִיא זָאל נִיט אַרוֹם
אַזוֹא יוּנְג פוּן דֶעם קֶערְפֶּער (גוף) אוּנ אִיר גִיגֶעבִּין צוּא
פַאר שְׁטֵיין וִויא אֵיין גְרוֹסֶען מִרְאֶער זִיא וֶועט דִי גַאנְצֶע
(פאמיליע) מַאכִין וֶועלְכֶע זַייעֶרֶע קִינְדֶער שְׁטַארְק לִיבִּין,
קֶער דִיךְ אוּם. (קער דיך אוּם). הָאבִּין אַלֶע גִישְׁרִינֶען.
וָואס הָאבִּין מִיר דִיר פַאר שְׁלֶעכְטְס גִיטָאן וָואס דוּא
וִוילְסְט אוּנְז פַאר לָאזִין. מִיר בַּאשְׁוֶוערִן דִיךְ אַז דוּא
זָאלְסְט בְּלַייבִּין. אוּנ פִיל וָואס זֶענִן דָא בַּייא דֶעם
קראנקין

קראנקין געוועזן וענן צרום גילאפין אין אלע ווינקלין פון שטוב אונ גיפאטשט מיט דיא הענד . אונ אזוא אזאך דיא זייל ארויין צוא טרייבן אין קערפיר , אבער עס איז אלץ אומזונסט גיוועזן דעם (קראנקין) איז אלץ ערגיר גיווארן אום צוועלף באנאכט איז ער גישטארבין . איך זאל וועלן אלעם באשרייבן ווי עס בייא דעם (באגרעבניש) אונ טרויער צוא גיים דארף מען זייער פיל שרייבן אונ דעם לעזיר פיל איף צוא האלטן נאר דאך אז דער לעזיר זאל וויסען דיא סנהגים פון (חינא) בייא איין (באגרעבניש) וועל איך אביסל דער פון שמוסן אום צוא פיר פילן דס גיבאט פון איין (גישטאר בענעס) :

(קאפיטל ס) דער חינישער פראער (זאלאבע) :

צוא מארגינס ווען דער קראנקער איז גישטארבן זענען זיך צוא נאנד גיקומען אלע פריינד אונ גוטע פריינד אונ אלע גיקלייד אין פראער (זאלאבע) אוף חיניש ארט אין ווייסן פון קאפף ביז פיס אונ האבן דעם טוטן קערפער באשמירט מיט קאלעך אז ער זאל ניט פאלין אונ קענן לענגער ליגען . אלע פריינד האבן זיך גיזעצט צום טיש טייא טרונקען אונ בייא דעם טיש איז גאנץ פרייליך צו גיגאנגען אונ האבן פיל פרייליכע לידער גיזונגין גארו

ארי האבן נאך ניט גיהאט אגאנצן טאג גגעסן האבן
ייזיך גיהיימן געבין צו עסין. נאר וויא גארי הט דיא
גירעכציר: גיזעהן הט ער ניט גיוואלט עסין נאר בלוסע
עפיל :

קאפיטל כה) דער באנגע אונ דיא שטאג: :

אונ וויא זייא האבין אזו פר ביסען האט (גארי
גיהערט איין גישרייא ער הט זיך ארום גיזעהן. הט ער
גיזעהן וויא פיל הינער שטיפען זיך ביא איין גרוסע
הילצערנע שטאג . אין וועלכער עם איז גיזעסין איין
נאקעדיקער מענטש . אונ אין דיא שטעקליך פון דער
שטאג איז גיוועזין ארין גישלאגן אייזערנע נעגיל . אונ
די שפיצען האבין אין דר שטאג ארין ארום גישטעקט
אוף דריי צאהל אונ האבן גישטאכן דעם מענטשין ביי
יעדערן ריר זיך געבין . אונ אום מיינסט ווען דיא
טרעגיר האבין דיא שטאג וויטער גיטראגן . אונ דער
מענטש וואס איז אינעווייניג גיזעסן איז גיוועזן איין
הינעשער באנגע אבער זערץ (דס הייסט איין גייסטליכער
אודער א גלח) אונ אזו אנאך אין דער שטאג הט ער
גיבעטין פון די הינער א נדבה. דר בארעמט איך איבער
איין אומגליקליכען הייליגען זערץ. ווס מיט מיינע ליידען
שמערץ (יסורים) וויל איך פאר איך אונ פאר אייערע
עלטערן אייערע זינד אפ קומען. אזו הט ער גישריגין פון
דער שטאג ארום . איך וועל אוך ניט פון דער שטאג
ארום גייען. ביז איטליכער נאגיל וועט פון איך גיקומט

װערין פאר װעכציגע טעגע (דס איז די קלענסטי מטבע אין
חינא) אז איר װעט קויפן איין נאגיל פון שטאג װעט
איך דער גרוסער פא (דס איז דער גרעסטער װעך) געבן
גליק אונ איין לאנג לעבין. אונ נאך דעם אום ש־ייען
הט דער באנזע אראפ גילאזט די אויגן אונ הט גיזאגט
(אן מאה טא פא) אן מאה טא פא. דס איז איין גיבעט
פיל לייט האבין אים גיגעבן דאס קליינע אזערן געלד.
אונ דער באנזע הט ארוס גינומען פון זיין שטאג נעגיל
אונ הט װידער ני גיגעבין. מען מוז אים אביסעל גרינגער
מאכן זיינע שמערצין. האט סענקימא גיזאגט. אונזער
גאט דער גרוסער פא װעט אונז פיל גליק. אין אלעם
געבין. גארי הט זיך אוף דיא רייד אויס גילאכט. איך
בין ניט פון אייער גלובין אונ גלייב ניט אין אייער פא
אונ ניט אין אייערע בעטריגער הט ער גיזאגט שטילער
שטילער הט זיך סענקימא מיט שרעק אן גירופן אונ זיך
אוף אלע זייטן אום גיזעהן. װען דיא לייט װעלן דאס
הערין אונ װיסן אז דוא ביסט ניט פון אונזער גלויבין
קאנסטו אין איין אויגן בליק אין איין אומגליק אריין
פאלין. לאזין זייא װיסן אונ אויך הערין איך האב קיין
פארכט ניט. אוב דוא װילסט װעל איך פאר אלע אין
דיא אויגן דעם באנזע זאגין אז איך װיל ניט פון אים
נעגיל קויפן, װייל עס איז אלץ פאלטש אונ בין נישט
פון זיין רעליגיאן. סענקימא הט געך גינומען גארי בייא
י האנד אונ מיט אים געך אװעק צו לופין. װארום

עטליכע

עטליכע פון דיא לייט האבין גיהערט זיינע רייד-האבין
זייא אן גיהובן אים ארום צוא רינגלן. לאזין מיר אים
נעמן אונ אפ פירען צוא דעם גיריכט. ער לאבט פון
גרוסען הייליגן פא. נאר דער באנזע אויס דער שטאג
הט זי אן גיהאלטן מיט רייד. לאסט אים גיין האט ער
גיזאגט דער גרוסער פא האט אים פלייסיג גישיקט מיין
הייליקייט אונ מיינע שמערצין צו זעהן. נאך דיא רייד
הט ער זיך פאר דרייט צוא גארי אונ אים גיזאגט ווען
דו זאלסט זיין איין חינער וואלסטו גיגלייבט אז דעם
גרוסין פא נאר איך וויים אז דו ביסט איין מאטראז פון
איין עראפעשע שיף וואס א שטורעם ווינד האט זיא צוא
שלאגן. אונ וואונסט אין דעם הוז פון דעם קוכמאן
סענקימא. נאר דו מעגסט זיין ווער דו ווילסט היים איך
דיר אונ בעט דיך ארום צוא קויפן עטליכע נעגיל פון
מיינע שמערצין שטאג. דען פר זיכער איך דיר אז אלץ
וועט דיר פר געבין ווערין. אונ דער גרוסע פא. וועט
דיר אלץ מוחל-זיין אונ וויא דער באנזע דיא רייד אויס
גילאסט הט. האט ער זיך פר דרייט צו דער אנדערע
זייט פון דער שטאג אונ גארי גיוויזן. אט דיא נעגיל
קויף ווייל זייא מיר אום מיינסטן שמערצין מאכין. עס
הט גארי שטארק פר וואנדערט די רייד פון דעם באנזע.
פון וואגען ער קאן דס וויסען. נאר דאך האט ער קיין
נאגיל ניט גיוואלט קויפן. קופט נעגיל. (קופט נ[illegible]ל) האבן
גישריגן די אלע חינער וואס ארום דיא שטאג [illegible]

זענן · סענקימא האט געזעהן אז גארי מאכט זיך פון דעם אלעם נישט · האט ער געשראקן אז פר צארין זאלן אים די בייזע חינער ניט טוט שלאגן · האט ער פון זיין גארטיל גישווינד אראפ גינומען דעם בייטיל מיט געלד אונ האט זעלבסט ארום גינומען איין גאפין מיט דעם אייזערנעם געלד אונ אים דעם באנצע גיגעבן. די לייטע זענן הערשט אביסל גישטילט גיווארן · אונ דר וויל איז סענקימא אונ גארי גישווינד אין איין גאס אריין :

(קאפיטל כו) (דער גרוסער פייער ווערג פייער קינצין אין די אנדערע זייט שטאט) :

עס האט אן גהובן נאכט צוא ווערן אונ עס איז גיראדע גוועזן איין שטילע אונווארעמע נאכט · אונ אלע איין וואנער האבן זיך גרייט גימאכט צום פייער ווערג · (פייער קינצן) אין דער גאס וויא סענקימא אונ גארי זענן אצונד גיגאנגן האט זיך גראד אוים גילאסט ביי איין גרוס וואסער אונ אלע קליינע אונ גרוסע שיפלעך אוף דעם וואסער זענן גיוועזן גאנץ שיין אוים גיצירט אונ בעהאנגן מיט פיל שיינע זאכן אונ מיט אלער האנד פארב שיינע לאנטערן. אוף דער אנדערע זייט וואסער האט מען ארום גיזעהן איין שטיק שטאט אויך גאנץ שיין אוים גיצירט · אונ פון דאך ביז צו דער ערד זענן זיי אויך גוועזן באהאנג מיט לאנטערן. ווס אין זיי האט אלערלייא פארב פייער גיברענט · אונ אוף די שייבען פון די גרוסע לאנטערן איז גיוועזן אוס גימאלט וויא יעגער יאגן טירן (חיות) · אונ

וויא

וויא מילעטער שטרייטן האלטן (מלחמה) איינס מיט דעם אנדערן. אויך איז געוועזן אום גימאלט אלער האנד שיפן לייבין. הערשין. טיגרין בערין. אונ נאך אלער האנד מינן (חיות) אונ פייגיל אונ ווינד מילין. אוף דער נאכט איז נאך מער מענטשין גיוועזן צו זעהן וויא ביא טאג. אונ יעדערער הט גיהאלטן איין לאנטער:

(קאפיטל כז) (דער פאראד פלאץ אונ דעם באגראבינגעם פר ביי רייטן:

אלע לייט פון דער שטאט האבן זיך צוא גאנץ גיקליבען אוף דעם פאראד פלאץ. אונ האבן אום גיווארט ביז דער באגראבן וועט דורך רייטן. ווארום אנאנגן יאר ווייזט ער זיך נישט אונ עס קען אים קיין שום איין וואונער גיט זעהן. נאר דעם פייערטאג רייט ער דורך דר שטאט. אונ ווייזט זיך פר אלע האט דא סענקימא אונ גארי אויך גיווארט אוף דעם פלאץ אום דעם באגראבן צו זעהן. נאר ניט לאנג הט סענקימא אונ גארי גידארפן ווארטין דען עס הט זיך גיהערט איין פריילין גישרייא אונ עס האבן זיך גיוויזן רייטער גרין גיקלייט מיט גרויסע אייזערנע היטען אונ גישריגן אז מען זאל פלאץ מאבן דא הט מען שון גיוויסט אז דער באגראבן קומט באלד. אן ווי באלד די רייטער זענען נאר ווייטער גיריטן. זענען באלד אלע לייט אוף די קניען גיפאלן מיט דעם גיזיכט (פנים) אוף דער ערד. (אין חינא איז די פראווע אז דער באגראבן פארט איבער די שטאט מוזן אלע לייט פאלן

מיט דעם גיזוכט צו דער ערד אונ אז ניט איז ער
שולדיג דעם טוט חייב מיתה) אונ אום גיוואַרט ביז דער
באַנדאַכין וועט פאר בייא רייטין. נאך די רייטער זענען
ווידער גיגאַנגן פּאַקערים אונ מאַזיקאַנטין מיט הילצערנע
טראָמפּייטן אונ בעהאַנגן מיט גאָלדענע גלעקליך. דער נאך
זענען ווידער גיגאַנגן צווייא הונדערט סאָלדאַטין מיט גיוועהר
אונ פיל פון זיי האבן גיהאַלטין רויטע שטעקין מיט
גאָלדענע קאַטאַסין. אונ נאך זיי זענען ווידער גיגאַנגן
הונדערט לייט מיט לאַנטערן וואָס אויף זיי איז גיוועזן גימאָלט
אַלער האַנד טירין (חיות). מיט דיא שענצטע פאַרב.
נאך זיי איז ווידער גיגאַנגן הונדערט פאַרזאָן מיט שטאָהל
קאַצין אונ הונדערט סאָלדאַטין מיט פּיקעס אונ שיינע
?יזער. נאך די סאָלדאַטין זענען ווידער גיגאַנגין פיר אונ
צוואַנציג הערן מיט העכסט שיינע שערמין (פאַראַסאָלין)
אום גינייט מיט גאָלד. באלד נאך זיי זענען ווידער גיגאַנגן
פיר הונדערט סאָלדאַטין פון דער לייב גיוואַרדיע אין גאַנץ
שיינע מאָנדירין. אונ אזוי דר בריסט אום גינייט גאָלדענע
שלאַנגען. אונ פיל סאָלדאַטין האבין גיטראָגן שיין קליין
גיוועהר. אונ נאך זייא איז נאך גירייטן פיל מילעטער
רייטער. אונ פיט נייער. אונ נאך די אלע סאָלדאַטין.
אַשטיק דער נאך איז גירייטן דער באַנדאַכין זעלבסט.
ער איז גיגאַנגן קליידער אום גיניים מיט גאָלד אונ באזעצט
מיט דימאַנטין אונ טייערע שטיינע. אונ דער רעכטער
האַנד האט ער גיהאַלטין איין גאָלדענע רוט. אונ אויף דעם

קאפף איין קרון אום גאלד אונ דימאנט אין טייערע שטיינער
באזעצט אונ אזו איז ער זיך דורך גיריטן אונ זיך אוף
קיין שום זייט ניט אום גיזעהן. אונ קיינער פון די לייט
הט זיך ניט דער וועגין דעם קאפף אוף צו הייבין. איין
גרוסן מאהרן (גענעראל) גאנץ הערליך גיקלייד פון דער
לייב גיוואדיע האט איבער דעם באידאבין גיהאלטן איין
גרוסען שערעם (פארסאל) פון אונטין אונ אויבן אום
גיזעצט מיט גאלדעניע שטערן. נאך דעם באנדאבין האט
מען ואך גיפירט יעדן העכסט אום דר ויילטע (אונגערם
אונ די זאטלין באזעצט מיט דימאנטן. אונ ואך דעם איז
ווידער גיריטן דער טראנפאלענער אוך גאנץ רייך גיקלייד
בעזייט אונ באזעצט מיט ואלד אונ דימאנטין. אונ נאך
דעם טראנפאלענער זענן גיגאנגן אונ גריטין אלע גרעסטע
לייט באידאבינעם (קייזערליכען) הויף. אונ הערשט נאך
זיי זענן גיגאנגן זעקס דרייסיג טרעגערס וועלכע האבין
גיטראגן דעם באנדאדיועם טראהן. אונ הערשט נאך דעם
זיי אלע הט מען גיפירט הערציג העלפאנעם אוך גאנץ
רייך אום גיצירט ווי באלד דס אלץ איז פר בייא גיוועזן
האבין זיך גלייך אלע לייט אויף גיחאפט אונ ואך גילאפין
דעם באנדאבין אונ צו זעהן די פייער קינצן:

(קאפיטל כח) (גארי ווערט פאר יאגט פון קאמראט,
איבער די פיל לייטע פון פאראר אונ
ווערט פר ערד (פאר בלאנזעט):

דא אהער קום האט גישריגן מענקימא צו גארי.

תאם

ווס פון דעם לופין פון פיל לייטע האבן זיי גארי פון אים אוועק גישטיפט. נאר דורך דעם גרויסן גישרייא פון די פיל לייט הט גארי ניט גיקאנט הערין. אונ אזו האבין אים די לייט ווס אמאל ווייטער גישטיפט ביז ער הט סענקימא אין גאנצן פון די אוגין פר לארין. אונ וויל גארי וואר שון גאנץ מיד פון דעם גאנצן טאג ארום קריכען הט אים שון ניט גיגלוסט דעם פאראד נאך צו לופן. אונ סענקימא צו זיכען. האט ער זיך דורך די לייט דורך גישטיפט צו איין הויז ווס נאנט גישטאנען איז. אונ זיך אביסל אפ צו רוען פון זיין מידיקייט. נאך זיין אפ רוען הט ער ווידער אן גיהויבן צו זוכען סענקימא אבער אום זונסט וואר זיין זוכן אונ שרייען די פיל לייטע מיט זייער שטיפין זיך האבן זיי אים פר טריבן. ווס וועל איך דא יעצט אומגליקליכער מענטש מאכן אונ ווי טרעפט מען דא אהיים. הט גארי צו זיך זעלבסט גיזאגט:

(קאפיטל כט) דם טרעפין זיך מיט דעם באנזע:

אונ ווי ער הט נאר ווס גיוואלט ווייטער גיין אין די פאראד גאס סענקימא צו זוכען הט אים איינער פון אונטין ביי די האנד אן גינומען. גארי הט זיך אים גיזעהן מיט פר ווינדרונג. הט ער דעם באנזע פון דער שטאג דער קאנט. גארי הט גידענקט אז דער באנזע איז אוף אים שרעקליך בייז וויל ער הט ביי אים קיינע נעגיל ניט גיוואלט קופין אבער ווי פר ווינדערט הט זיך גארי אז ער

הט

הט גיהערט ווי דער באנדזע איהם מיט גאנץ שיינע רייד צו נעמט ווס זיצט דו דא ליבער פריינד. הט דער באנזע צו גארי גזאגט איך בין גאנץ כיד הט אים גארי גיענפרט איך הב פר לארין מיין קאמראט אונ וויים ניט ווי נאכט צו בלייבן. דער באנזע הט אים באלד גיבעטין אין זיין הויז ארייין אונ אים גיזאגט אז דארט קען ער זיך אפ רוען פון וועלכן גארי גאנץ צו פרידן גוועזין איז. אונ הט דעם באנדזע גידאנקט. וויל ער הט ניט גיהאט וויא איבער צו נעכטיגען:

(קאפיטל ־ל) דס קליינע שטיבל אונ דער ערשטער אום גליק:

אונ ווי גארי איז מיט אים שון ביז אונטער דער שטאט גיגאנגן הט אים דער באנזע אריין גיפירט אין איין קליין שטובל עס הט דא איין ליכט אין איין פאפירענע לאנטער גיברענט אין דער שטוב זענן גישטאנן עטליכע טישען אונ ביא יעדן טיש זענן גיזעסן צו צווייי אונ דריי מענטשין. זייער בליך גיזוכט אונ ברייטע קרימע פינגר אונ הייזעריקע שטים (קול) אונ שרעקליכע אויגן הט זיך גארי גאנץ גוט דר שראקין. פר יעדען איז גישטאנן איין גרוסע פלאש מיט בראנפין אונ יעדערען הט גיהאלטן א גרוסע פייף (לולקע) ווס קען דס זיין הט זיך גארי גיטראכט נאר מען מוז זעהן ווס ווייטער וועט זיין. אונ ווי דער באנזע איז נאר אריין גיקומען האבן זיך די אלע לייט אוף גישטעלט אונ צו אים גינייגט. דער באנזע הט זיך

אוך גיזעצט צו אין טיש אונ גארי אוך גיבעטן זעצין .
דו זאלסט ניט מיינען אז איך וואן דא . האט דער באנזע
גיזאגט צו גארי מיט איין שמייכעלדיג גיזיכט (פנים) איך
בין נאר דא אריין גיקומען מיך אביסל אפ צו רוען .
ווס איז דא איין נארקעך האט זיך גארי גיפרעגט , (אוודאי)
יוא . דא קען מען בעקומען צו עסין אונ טרונקן אונ צו
רויכין דעם בעסטן טאבאק (טיטין) :

(קאפיטל לא) (דער שלאף גימראנק) :

גא טרינק גלאז גוטען שנאפס . גארי האט זיך אום
גיקוקט אויף אלע זייטין ער האט פר שטאנען אז דא איז עפים
ניט וויא אום בסטן . נאר ער הט זעלבסט פר שטאנען
אז ער קען זיך דא ניט בעסיר העלפן , אין דעם וועג צו זיין
קוואטיר הט ער אויף קיין פאל ניט גיוויסט . אונ נעו ער
זאל וועלן אליין ארום גיין אין שטאט זיין סטאנציע זוכין קען
ער גרינג אין איין אום גליק אריין פאלן . איבער דעם , יוא
גערן אונ ניט גערן האט ער גימוזט אלעס זאלגין דעם באנזע .
אונ האט אויס גיטרונקען איין גלאז בראנפין . אונ וויא באלד
ער האט נאר גיהאט . דעם לעצטין טראפן אראפ גישלינגען
האט זיך באלד מיט איהם אן גיהובין דיא גאנצע שטוב צוא
דרייען . אונ עס האט זיך אן גיהובן שטארק צו שלעפערין .
נאר ער הט זיך גישטארקט מיט אלע קרעפטין אז ער
זאל ניט איין שלאפין דר באנזע האט דאס באלד פר שטאנין .
האט ער אים דער לאנגט איין פייף טאבאק (א לילקע טיטין)
נארייכער אויס דיא פייף טאבאק ווט דיר גלייך דער שלאף

פר

פר גֵיין . הָאט דָער בּאנְדֶע צו גארי גִיזָאגְט , עָר הָאט בּייא אִים ד א פִּיף גִינוּכְען אונ הָאט ׳ נָאר וָואס אָן גִיהוֹבּן צו רֵייבְּעכְן אִיז אִים גְרִין אונ גֶעל גִיוָוארְן אִין די אויגִין . אונ אַזוֹ וִוי אַיין טוֹטֶער פוּן דֶער בּאנְק אַרָאפּ גִיפאלִין :

(קאפּיטל לב) (די שְׁלֶעכְטֶע אונ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע רֵייזֶע :

אונ וִוי גארי אִיז צוּ זִיךְ גְ קוּמֶען אונ הָט אוּף גִימַאכְט די אוֹיגִין הָט עָר מִיט פַּר וִוינְדֶערוּנְג גִיזֶעהְן וויא אַרוּם אִים גאנְץ פִינְצְטֶער אִ'ז . אִין אָן פַאנְגְם הָט גארי גִימֵיינְט אַז עָר לִיגְט אִ'ן זַ'ין צוּמֶער בַּ'י דָעם קוּפּסְמַאן סֶענְקִיטָא . נָאר וִוי עָר הָט זִיךְ גִיוָואלְט אוּף הֵייבְּן . הָט עָר הָערְשְׁט פַר שְׁטַאנְן אַז עָר לִיגְט אִ'ן אֵיין וָואגִין וָועלְכֶער פוּן אַלֶע זֵייטְן פַּר מַאכְט אִ'ז . דֶער קָאפְּף הָט אִים שְׁטַארְק וֵויא גִיטָאן . אונ זִיךְ מִיט אִים גִידְרֵייט , הֶענְד אונ פִּיס הָאבְּן אוּנְטֶער אִים גִיצִיטֶערְט וִוי אִין אַ פִיבֶּער (קדחת) דָא הָט זִיךְ גארי הֶערְשְׁט דֶער מַאנְט וָוס מִיט אִים אִיז גִיוֶועזְן . אַז דָער פַאלְטְשֶׁער בַּאנְדֶע הָט אִים בַּאטְרִיגִין אונ הָט אִים מִיט פְּלֵי ס אַזוֹ אֵיין (שְׁנאפּס) גִיגֶעבְּן אונ אוֹ'ךְ אַזוֹ דָעם טַאבַּאק אַז עָס זָאל אִים דָעם קָאפְּף פַּר דְרֵייעָן . נָאר וִוי לַאנְג עָר הָט גִישְׁלָאפִין אונ וִויא מֶען פִירְט אִים אַצוּנְד הָאט עָר נִיט גִיקָאנְט וִויסְן :

(קאפּ'טל לג) דָס אַנְטְלוֹפְן פוּן דָעם בַּאטְרִיגֶער :

גארי הָט גאנְץ לַאנְגְסָאם אוּף גִיהוֹבְּן די דָעק . ווי

דער

דָער תָּאגְן אִיז גִיוָועזְן פָאר סאכְט . הָט עָר דָער זָעהְן דָעם בָּאנְזָע וָוס הָאט אִים אִין דָעם קְלֵיינֶעם שְׁטִיבְּל אַרַיין גִיפִירְט רַייטְן לֶעבִּין וָואגִין עָר אִיז גִיוָועזִין פָאר טְרַאכְט אוּנ הָט עָפִּים גִיצַייְלְט , גארי הָט בַּאלְד פַּר שְׁטַאנְן אַז דָער פָערְפְלוּכְטֶער בּאנְזָע מֵיינְט אִים שְׁלָעכְטֶץ צוּ טָאהְן . אוּנ אָזוֹ ווִי דָער בְּאנְזָע הָט זִיךְ נִיט אוּם גִיקוּקְט אוֹף דֶעם וָואגִין אִיז גארי אַשְׁפְּרִינְג אַרוֹס גִיגֶעבִּין פוּן דֶעם וָואגִין , נָאר עָר אִיז גִיוֶועזְן אַזוֹ אָן גִישְׁלָאפְּ׳ אַז עָר הָאט נִישְׁט גִיקֶענְט אוֹף דִי פִים שְׁטֵיין אִיז עֶר אַזוֹ אָן קְרֶעפְּטִין גִיבְּלִיבְּן אוֹף דָעם גְרָאז ליגֶען נָאר דָער בְּאנְזֶע הָאט דָם גָאר נִיט בַּאמֶערִיקְט אוּנ אִיז זִיךְ פַּר טְרַאכְט אַזוֹ ווַייטֶער גִירִיטְן בִּיז גארי הָט אִים שׁוֹן פוּן דִ׳ אוֹגִין פַּר לָארִין אוּנ אִים אִיז שׁוֹן מֶער קֵיין וָואגִין אוּנ קֵיין בַּאנְזֶע גִיוָועזִין צוּ זָעהְן . אוּנ וְויא גארי אִיז אַבִּיסְל צוּא זִיךְ גִיקוּמען הָט עָר זִיךְ אוֹף גִישְׁטֶעלְט אוּנ אוּם גִיזֶעהְן ווִי עָר אִיז אִין דִי וָועלְט . עֶס אִיז אָבֶער גָאר נִיט גִיוָועזְן צוּא זֶעהְן נָאר הִימֶעל אוּנ עֶרְד אוּנ בֶּערְג . נָאר פוּן גַאנְץ וַוייט הָט מֶען אַרוֹס גִיזֶעהְן דִיא שְׁפִּיצֶען פוּן דִי חִינִישֶׁע טָארְמִין . וָוס אוֹף דִי גְרוֹסֶע מָאֶער אַרוּם חִינָא שְׁטֵיין :

(קאפיטל לד) (דִיא גְרוֹסֶע מָאהְר אוּנ אִירֶע שֵׁיינֶע טָארְמֶען :

וַוייל זִיךְ גארי דָא אַבִּיסֶעל אָפּ רוּהְט וֶועלְן מִיר

פוּן

פון די מאהר ארום חינא באשרייבן די מאהר ארום חינא קען מען זאגן אז זיא איז אווינדער אוף דער וועלט , עס איז שון מער ווי צוויי טויזנד יאהר ווי זי איז אוף גימארט, זי הט גילאזט אוף מאערין דער גרוסר באגדאכן (כאלטאן) וס הט זיך גירופן (שיגא אנגטיא) , וייל די טאטערן האבן גיפלעגט ביי נאכט אוף די איין וואונער ארוף פאלן אונ זיי באבעווען. די מאהר ציהט זיך אין דער לענג צעהן טויזנד וויארסט אונ גייט דורך בערגער אונ גריבער אונ גרוסע וואסערן. דיא מאער איז אזו ברייט אז עס קאנן אוף איהר זעקס רייטער אין דער ברייט רייטן, אוף דער מאהר שטייען פיל באשנעס (טערמען) דיא מאהר איז הוך פיר אונ איין האלב סאגען דס הייסט מער ווי פופצען איילן הוך. יעצט וועלן מיר זיך ווידער אום קערן צו דעם ארעמען גארי :

(קאפיטל לה) (די שלעכטע רייזע אוף די בערג אונ די הייל) :

גארי הט פדא גיקקערט וואס דא צו מאכן. איז אים איין גיפאלן אין זיינע גידאנקן גלייך צו גיין וויא די אונן וועלן אים טראגן ביז ער וועט אונ ערגיץ צו איין באוואוננג פון מענטשין קומען , איין קליינעם וועג (סטעצקי) הט גארי דער זעהן נאר עס איז גיוועזין צו גיין אוף הוכע בערג. נאר וייל עס איז נאך גיוועזן אשטיק צו נאכט

הט

קם נא״י נָאךְ גִיקלֶערְט צוּא אַ בַּאוואֹנוּג פוּן מֶענְטְשִׁין צוּ הוּמֶען. נָאר דֶער שְׁלֶעכְטֶער וֶועג אוּנ דִי שְׁפִּיצִיגֶע שְׁטֵיינֶער הָאבְּן אִים דִי פִּים צוּ שְׁטָאכְין אוּנ צוּ שְׁנִיטְן אַז דָם בְּלוּט הָט פוּן זַיי גִירִינָען מִיט גְרוֹם שְׁמֶערְצִין. נָאר פָּארְט אִיז עֶר וַוייטֶער גִיגאַנגְן עֶס הָט שׁוֹן אָן גִיהוֹבִּין נַאכְט צוּ וֶוערַן אוּנ דָא הָט נָאךְ אָן גִיהוֹבְּן אַיין קְלֵיינֶער רֶעגִין צוּ גֵיין אוּנ קֵיין שׁוּם בַּאוואֹנוּג פוּן מֶענְטְשִׁין אִיז נִיט גִיוֶועזִין צוּ זֶעהְן. צוּם גְלִיק הָט נארי דֶער זֶעהְן נִיט וַוייט פוּן זִיךְ אַיין הַייל עֶר הָט זִיךְ זַייעֶר גִיפְרֵייט אַז עֶר וֶועט דָא חָאטְש קָאנֶען נַאכְט בְּלַייבְּן. אוּנ דָעם רֶעגְן אִיבֶּער הַארִין. אוּנ זִיכֶער זַיין פוּן דִי ווִילְדֶע טִירִין (חיות) וָוס דְא אִין דָעם גֶעגִין בַּייא נֶאכְט אַרוּם לוֹפִין. אוּנ פוּן זַיין מִידִיקַייט זִיךְ אַבִּיסֶעל אָפּ רוּעֶן. אוּנ מִיט דָעם טָאג גְלַייךְ וַוייטֶער צוּגֵיין זַיין וֶועג:

# ענדע דאס ערשטע טייל

אַנַאנְץ נַאיֶע שֵׁיינֶע מַעֲשֶׂה

פון דֶעם

# בַּאהַאלְטֶענֶעם חָכָם

אֵיין מֶלֶךְ אַקִינְד

דֶער אִיז גְוֶועזֶין אַפְּרִינְץ אונ מֶען הָאט
אִיהְם גְהַאלְטֶען פַאר אַנַעַר אונ צום סוֹף
הָאט מֶען גְזֶעהֶן אַז עֶר אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער
חָכָם. וֶוער עֶס וֶועט דִיא מַעֲשֶׂה לֵיינֶן
וֶועט הָאבֶּן גְרוֹס פַאר גְנוּגֶען:
יֶעדֶער זָאל קוֹיפֶין. דִיא מַעֲשֶׂה קוֹפִין.

אהרן ארלאווסקי מו״ס



נאבדרוק פערבאטען

# מעשה

אַמָאל איז גֶעוועזין איין מֶלֶךְ מיט אַמַלְכָּה זייא זֶענִין זֵייעֶר
רַייךְ גֶעוועזין אונ הָאבִּין גְהַאט דְרַיי זִין צְוויי הָאט
מֶען גְהַאלְטֶן פַר חכמים אונ דֶעם דְרִיטִין הָאט מֶען גְהַאלְטִין
פַר איין נַעַר זיי זֶענִין גֶעווען גֶלֶערְינְט אונ מִכָּל הַמְלָאכוֹת אוֹף דֶר
וועלְט. אַמָאל הָט זִיךְ גְטְרָאפֶן אַז דֶר מֶלֶךְ איז קְרַאנְק גְוָוארֶן הָט
מֶען גְרוּפִין דָאקְטוֹרִים אונ גְמַאכְט אַקָאנְסִילִים מֶען הָט גֶיזִיכְט
אַלִי מִיטְלִין עֶס הָט אָבֶּר אַלְץ נִיט גְהָאלְפִין דֶר ווַייל איז
גְקוּמִין אִין דֶר שְׁטָאט אַרַיין איין אַלְטֶר בֶּעטְלֶר אונ הָאט
גֶהֶערְט אַז דֶר מלךְ איז קְרַאנְק הָט עֶר זִיךְ גְמֶעלְט צוּם מלךְ
אַז עֶר וֶועט אִים בְּווַדַאי גְזוּנְר מַאכֶן הָאט מֶען אִים אַרַיין
גְרָאזְט הָט עֶר אִים בַּטְרַאכְט אונ הָט אִים גְזָאגְט עֶס איז
דָא איין רפואה פַר דִיר נָאר עֶס דַארְף צוּ דוֶערֶן דֶר וֶועג
איין הַאלְבּ יָאר בִּיז מֶען זָאל עֶס דִיר. בְּרֶענְגֶן אונ עֶס איז
זֵייעֶר גְרוֹסִי סַכָּנוֹת עֶס זֶענִין שוֹן פִּיל מֶענְשֶׁן גְפָארִין איז
קֵיין אֵיינְצִיגֶר נִיט צוּרִיק גְקוּמִין וָוארִין ווִי מֶען פָארְט אוֹף
דֶעם וֶועג קוּמְט מֶען אוֹף אַפְּלַאץ איז עֶר גְרוֹס פִיר מַייל
טָאר מֶען זִיךְ דָארְט נִיט אַנִידֶר שְׁטֶעלִין אונ ווִי מֶען פָארְט
ווַייטֶר קוּמְט מֶען צוּ אַשְׁמָאל בְּרִיקִיל סוּוּ מֶען זִיךְ צוּ בּוּנְדִין
דִיא אוֹגִין אונ אַרִיבֶּר גֵיין דֶער נָאךְ איז דָארְט דָא אַוַואלְד
אַרוּם אונ אַרוּם צוּ טָאר מֶען נִיט אַרַיין גֵיין נָאר אונ דֶער
פְּרִיא פוּן אַכְט בִּיז צְווֶעלְף אַז דֶר זֵייגֶר שְׁלָאגְט אוּם צְווֶעלְף
טָאר מֶען זִיךְ שוֹן נִיט גְפוּנִין אונ ווַאלְד אונ דָארְט ווַאקְסְט
דִיא אונ דִיא קְרַייטִיכְצֶר זָאל מֶען זֵייא דִיר בְּרֶענְגִין אונ קָאכִין
אונ

אוּנ דוּ זָאלְסְט דָם טְרִינְקְן וֶועסְטוּ בְּווַדַאי גִיזוּנְד וֶוערִין הָט מֶען גִילָאזְט פּוּקִין וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ אוּנְטֶער נֶעמֶען צוּ בְּרֶענְגִין דִי קְרַאטִיכְצֶר וֶועט מֶען גֶעבֶּן אַפֶּערְטִיל מלוכה הָט זִיךְ דֶער וֶעלְצְטֶער זִין אָן גְרוּפְן עֶר וֶועט בְּרֶענְגִין דִי קְרַאטִיכְצֶר זָאל מֶען אִים גֶעבִּין דָם פִּירְטֶל מלוכה דֶער פָּאטֶער הָט אִים גְבֶּעטִין עֶר זָאל נִיט פָּארִין עֶר הָאט אָבֶּער גְזָאגְט עֶר מוּז פָּארִין בְּרֶענְגֶן דִיא קְרַאטִיכְצֶר: בקיצור מֶען הָט אִים גְגֶעבְּן דָם וֶועקְסֶל אוּנ עֶר אִיז אַוֶועק גְרִיטִין אוּנ אִיז אַזוֹ לַאנְג גְרִיטֶן בִּיז עֶר אִיז גְקוּמֶן אוֹיף דֶעם פְּלַאץ הָט זִיךְ דָם פֶּערְד אַנִידֶער גְשְׁטֶעלְט אוּנ הָט נִיט גְוָואלְט גֵיין אִין דֶעם קוּמֶן צְוֵויא רוּזִין אוּנ חַאפִּין אִים אַוֶועק: נוּא לָאמִר אִים דָא לָאזִין אוּנ לָאמִיר שְׁמִיסִין פוּן דֶעם מלכות דֶער מלכות אִיז גְלֶעגְן אוּנ דֶער הֵיים קְרַאנְק אוּנ הָט גְוַוארְט עֶס אִיז שׁוֹן דְרַיי פִּירְטֶל יָאר עֶר אִיז אַלְץ נִישְׁט דָא הָט עֶר נָאךְ אַמָאל גְהֵייסִין אוֹם פּוּיקִין וֶוער עֶס וֶועט בְּרֶענְגֶן דִי קְרַאטִיכְצֶר דֶעם גִיט מֶען אַפֶּערְטֶל מלוכה הָט זִיךְ דֶער אַנְדֶערֶער חָכָם אָן גְרוּפִין אַז עֶר וֶועט פָּארִין בְּרֶענְגֶן דִי קְרַאטִיכְצֶר דֶער מלכות הָט אָן גְהוֹבִּין צוּ שְׁרַייאִין טָאטֶער וֶועסְטוּ ח״ו אוֹיךְ נִיט קוּמִין וֶוער וֶועט אִיבֶּער נֶעמֶען דוּ מלוכה יֶער נַעַר מָארְגֶן שֶׁענְקְסְט עֶר זִי אַוֶועק עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער אַנְגִישְׁפַּארְט אוּנ זָאגְט צוּם פָּאטֶער אַז עֶר וֶועט נָאךְ דֶעם בְּרוּדֶער אוֹיךְ אָפּ-זוּכִין:

בקיצור דֶער מלכות הָט אִים אוֹיךְ גְגֶעבִּין אַשְׁרִיפְט אוֹיף אַפֶּערְטֶעל מלוכה אוּנ אִיז אַוֶועק גֶעפָארֶען אוּנ עֶס הָאט זִיךְ מִיט אִים אוֹיךְ אַזוֹ פַּאסִירְט וִויא מִיט דֶעם בְּרוּדֶער אוּנ

דר

דר פאטר ווארט עס איז שון איאר אונ ער איז ניט דא טראכט ער זיך ער הט שון ניט וואס אן צו ווערין אונ לאזט אום רופין ווער עס וועט פארן נאך דם קראטיכץ דעם גוט ער אהלבי מלוכה שפרינגט אפיר דער נער פון אונטער דעם אובין אונ זאגט טאטי איך וועל פארין האבין זיי אלי אן גהובין צו לאכין אונ זאגין דייני ברודר זענין קלוגר גוועזין אונ האבין ניט גיקענט בהויפטן וועסטו אוודאי אוך ניט קענן בהויפטן זאגט דר נער צום פאטר טאטי דו האסט דעך ניט ווס אן צו ווערין וועל איך קומין וועל איך דיר ברענגן די קראטיכצר וועל איך ניט קומין האסטו דעך מיך אן דם פיינט דער מלך הט זיך מיישב גוועזן אז ער זאגט זייער גלייך אונ האט אים גגעבן אוועקסל אוף אהאלבי מלוכה דר נאך הט ער זיך גהייסין געבין פיר אונ צוואנציג פערד אונ איטליכין פערד אטארבילי אונ באדינטע אונ איז אוועק גריטין אונ איז אזו לאנג גריטין ביז זיי זענין גקומן צו דעם פלאץ ווס מען טאר ניט בלייבן שטיין . ביי דעם פלאץ איז גגאנגן אוואסר הט ער גהייסן דיא פערד געבען צו טרונקן דר נאך הט ער גהייסן אן שוטין די טארבילך פול מיט עסן אין אן טון דריי אונ צוואנציג פערד אונ אוף דעם פיר אונ צוואנציגסטן פערד הט ער זיך ארוף גזעצט אונ אלי פערד צו גבונדן איינם צו עס אנדערי זענין גריטן אונ אלי מאל האבן זיי זיך גביטין אוף אפריש פערד ביז זיי זענין איבר גקומין דעם פלאץ דר נאך זענן זיי ווייטר גריטין ביז זיי זענין גקומן צו דעם שמאלן ברוקיל הט ער

זיך

זִיךְ צוּ גְבוּנְדֶען דִי אוֹגִין אוּנ אִיז אַרִיבֶּר גְגַאנְגֶען אִיבֶּר דֶעם בְּרִיקִיל . דֶר נָאךְ זֶענֶן זֵייא גְרִיטִין וַוייטֶּר אוּנ זֶענֶן גְקוּמֶען צוּ דֶעם וַואלְד אוּנ דֶר פְּרִיא נָאךְ אַכְטִי זֶענִין זֵיי אַרַיין גְרִיטִין אִין דֶעם וַואלְד אַרַיין אוּנ עֶר הָט אָפּ גְזוּכְט דִי קְרַאטִיכְץ ווָס דֶר בֶּעטְלֶר הָט גְהֵייסֶן אוּנ הָט אָז גְרִיסִין אַפִּיל טָארְבִּירֶע אוּנ הָט גְוָואלְט אַוועק רַייטִין הָט עֶר גְזֶעהֶן אִין וַואלְד זֵייעֶר אַשֵׁיינֶם שְׁלָאס הָט עֶר גְלָאזְט דִי פֶּערְד מִיט דִי בַּאדִינְטִי אִין וַואלְד אוּנ עֶ״ איז גְגַאנְגֶען אִין שְׁלָאס אַרַיין ווִי עֶר קוּמְט אִין עֶרְשְׁטֶן צִימֶר אַרַיין זֶעהְט ער גָאלְד זִילְבֶּר דִימִיטִין נָאר דָם הֶט עֶר אַלְץ נִיט בַּרַארְפְט גוּט אַקוּק אוֹף דֶעם פֶּענְסְטֶר זֶעהְט עֶר לוּגִין אַקְלֵיין בְּרֵייטְל נֶעמְט עֶר דָאס בְּרוֹט אוּנ שְׁנַייט אָפּ אַשְׁטִיקֶל דֶר פוּן זֶעהְט עֶר עֶס א״ז ווִידֶר גַאנְץ . זָאגְט עֶר דָם אִיז גוּט פַּר אַוֶועגְס מַאן אוּנ הָט עֶס בַּהַאלְטֶן אוּנ גֵייט אִין אַנְדֶערֶן צוּמֶער אַרַיין זֶעהְט עֶר נָאךְ טַייעֶרִי שְׁפֵּיינֶר דָם הָט עֶר אַלְץ נִיט גְוָואלְט דֶער נָאךְ דֶר זֶעהְט עֶר אַפִּיטֶעלְקִי מִיט וַויין נֶעמְט עֶר דִי פִּיטֶעלְקִי אוּנ פַּר זִיכְט אוּנ טְרוּנְקְט אֶפְשַׁר קֶענִין דִי הֶעלְפְט אוּנ דָם אִיז אַלְץ פוּל גְוֶועזִן זָאגְט עֶר דָם אִיז אוֹךְ גוּט פַּר אַוֶועגְס מֶענְשׁ אוּנ בַּהַאלְט עֶס אוֹךְ . דֶר נָאךְ אִיז עֶר אַרַיין גְגַאנְגֶען אִין דְרִיטִין צִימֶער הָאט עֶר גְזֶעהֶן אַפִינְצְטֶרִי שְׁטִיבּ נָאר אַדִימִיט אִיז גְשְׁטַאנֶן הָט עֶר פַר לַייכְט דָאס גַאנְצִי צִימֶר אוּנ אוּנְטֶער דֶעם דִימִיט אִיז גְשְׁטַאנֶן אַבֶּעט אוּנ אֲנֶגְבֶּה הָאט דְרוּנִין גְשְׁלָאפֶן דָם אִיז גְווֶען דֶער מלך פוּן דֶעם שְׁלָאס דָארְט הָט עֶר שׁוֹן נִיט גְוִויסְט וָוָס צוּ טוּן זָאל עֶר זִיא יוּא אוֹף

ווּעקן

װֶעקִין הָט עֶר מוֹרָא װֶער װַייסְט װֶער זִיא אִיז זָאל עֶר זִיא
נִיט אוֹף װֶעקִין װָאלְט עֶר זַייעֶר גֶערֶן גְוִויסְט װֶער זִיא אִיז
הָט עֶר זִיךְ אַנִידֶר גֶזֶעצְט אוֹף דֶעם בֶּעט אוּנ הָט גְהִיסְט
גְנִיסְט טָאמֶר װֶעט זִיא זִיךְ אוֹף חַאפֶּן אִינְדֶעם דֶער מַאנְט
עֶר זִיךְ טָאמֶר אִיז שׁוֹן צְװֶעלְף טָאר מֶען זִיךְ שׁוֹן נִיט גְפִינֶן
אִין דֶעם װַאלְד שְׁרַייבְּט עֶר אוֹף אוֹף דֶר רֶעם פוּן דֶעם
דִימִיט אַז זִיא זָאל װִיסִין אַז דֶער אוּנ דֶר פְּרִינְץ אִיז גְוֶועזְן
בַּיי דִיר אוּנ הָט דָאךְ מוֹרָא גְהַאט אוֹף צוּ װֶעקִין נָאר עֶס
אִיז שׁוֹן גְוֶועזְן בַּאלְד צְװֶעלְף הָאבּ אִיךְ גְטוּזְט אַװֶעק אוּנ
אִיז אַרוֹס גְגַאנְגֶען אוּנ הָט גְקוּקְט אוֹף דֶעם זַייגֶר הָאט עֶר
גְזֶעהֶן עֶס אִיז עֶרְשְׁט עֶלִיף הָאט עֶר צַייט נָאךְ אַגַאנְצִי
שָׁעָה אִיז עֶר צוּרִיק אַרַיין גְגַאנְגֶען אוּנ הָט זִיךְ אוֹף דֶעם
בֶּעט אַנִידֶר גֶזֶעצְט אוּנ אִיז אַזוֹ לַאנְג גְזֶעסְן בִּיז עֶר אִיז
גַאנְץ גוּט אַנְשְׁלָאפֶן גְוָוארֶן דֶר װַייל הָט דֶער זַייגֶר גְשְׁלָאגְן
צְװֶעלְף אִיז גְוָוארֶן אַבַּארְם אַז מֶען הָאט שִׁיר דֶעם שְׁלָאס
אֵיין גְלֵייגְט הָאט זִיךְ דִיא נקבה אוֹף גְחַאפְּט אוּנ דֶער
זֶעהְט װִיא זַייעֶר אַשַׁיינֶער פַּרְשׁוֹן לִיגְט גֶעבִּין אִיר אוּנ
שְׁלָאפְט װֶעקְט זִיא אִים אוֹף אוּנ זָאגְט דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶר
מֶענְטְשׁ װָאס טוּסְטוּ דָא הֶערְסְט נִיט װָאס אוּנ דְרוֹסִין
טוּט זִיךְ. עֶר חַאפְּט זִיךְ אוֹף אוּנ הֵייבְּט אָן זַייעֶר שְׁטַארְק
צוּא װֵויינֶען אוּנ זָאגְט אִיךְ הָאבּ גְוִויסְט אַז מֶען טָאר נִיט
נָאר אִיךְ הָאבּ גְוָואלְט װִיסִין װֶער דִיא בִּיסְט אוֹף װֶעקִין
הָאבּ אִיךְ דִיךְ נִיט גְוָואלְט הָאבּ אִיךְ סִיךְ אַנִידֶר גֶזֶעצְט
לֶעבִּין דִיר בִּין אִיךְ אַנְשְׁלָאפֶן גְוָוארֶן גִיבּ אַקוּק אוֹף

דער

דֶער רֶעם פוּן דֶעם דִימִיט וֶועסְטוּ זֶעהֶן אַז אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג. נוּא וִויא זִיא הָאט דֶער זֶעהְן אַז עֶר אִיז אַפְּרִינְץ הָאט זִיא אִים גְזָאגְט אִיךְ וִויל דִיךְ לָאזְן לֶעבִּין נָאר אַז דוּא וֶועסְט מִיר צוּא שְׁוֶוערֶן אַז דִיא זָאלְסְט מִיט מִיר חתונה הָאבִּין הָאט עֶר אִיר צוּא גְשְׁוואוֹרִין אִיז זִיא אַרוּם גְגַאנְגֶען אִיז תֵּיכֶף שְׁטִיל גְוָוארֶן הָאט עֶר זִיא גְפְרֶעגְט וָואס דָאס אִוז וֶוער עֶס רֶעגִירְט אִיבֶּר דֶעם וַואלְד הָאט זִיא אוּם דֶער צֵיילְט אַז אִיר פָאטֶער אִיז גְוֶוען מלךְ נָאר עֶר הָאט נִיט גְהַאט קֵיין קִינְדֶער נָאר מִיךְ וִויא עֶר אִיז אָפּ גְשְׁטָארְבֶּן הָאט מֶען סִיךְ גְקְרֵיינְט פַאר אמלךְ אַצוּנְד בַּייא זוּמֶער צַייט וואוֹן אִיךְ אִין וַואלְד אוּנ דָאס אִיז רַייבֶּער פוּן אַכְטִי בִּיז צְוֶועלְף גֵייאִין זֵייא רַאבִּיווִין דֶער נָאךְ קוּמֶען זֵייא אינ גִיבִּין עֶס מִיר אָפּ דֶער נָאךְ הָאט עֶר אִיר וִוידֶער דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצִי מעשׂה וִויא זַיינִי בְּרוּדֶער דִיא חכמים זֶענִין גְפָארֶן נָאךְ דוּא קְרַייטִיכֶצר אוּנ מֶען וֵוייסְט נִיט וִויא זֵייא זֶענִין אַהִין גְקוּמִין אוּנ וִויא אַזוֹ עֶר הָאט זִיךְ נוֹהֵג גְוֶוען אוֹיף דֶעם וֶועג אִיז אִיר דָאס זֵייעֶר גְפֶעלִין דֶער נָאךְ הָאט עֶר זִיא גֶבֶּעטֶן אַז זִיא זָאל אִים לָאזִין אַהֵיים פָארֶן מחמת דֶער פָאטֶער לִיגְט אוּנ דֶער הֵיים קְרַאנְק; זִיא נֶעמְט אַרָאפּ אַקְלֵיין שְׁוֶוערְדֶעל פוּן דֶער וַואנְט אוּנ גִיט אִים אוּנ זָאגְט מִיט דֶעם שְׁוֶוערְדֶעל קֶענְסְטוּ דִיא גַאנְצִי וֶועלְט אֵיין נֶעמִין דוּא וֶועסְט נאר זָאגְן צוּם שְׁוֶוערְדֶעל הַאק

וֶועט עֶס שׁוֹן יוִיסֶן וֶועמִין דִי מֵיינְסְט:

בקיצור עֶר הָאט עֶס צוּא גְנוּמִין אוּנ הָאבִּין זִיךְ אָפּ גשׁטיסט

געשמיסט אז צוא דרייא יאר זאל זיא קומין צוא
זיין פאטר אונ זאלן דארטין חתונה האבן אונ ער האט
איר געשענקט דיא בארינגטי מיט דרייא אונ צוואנציג פערד
אונ איז אוועק געפארן וויא ער איז געקומין צוא דעם בריקל
וואס מען מוז זיך צוא בינדען דיא אויגין האט ער זיך
ניט צוא געבינדען אונ איז אריבער אונ איז גריטען אזו
לאנג ביז ער איז געקומען צוא דעם פלאץ וואס מען טאר
ניט בלייבן שטיין איז ער גרוטין ביז אין האלבן פלאץ
האט ער געזעהן אז דאס פערד איז עפיס מיד איז ער
געבליבן שטיין אונ האט געגעבן דעם פערד צוא עסין אונ
האט זיך אויך אנידער געזעצט עסן וויא ער זוצט אונ עסט
קומין צוא גיין דיא צווייא ריזין אונ ווילין אים אויך צוא
נעמן זאגט ער צום שווערדל האק איז שון דאס שווערדל
ארום געפלונגן אונ האט זייא געוואלט דיא קעפ האקן זענן
זייא אים געפאלן צוא דיא פוס אונ האבן אים געבעטן אז
ער זאל זייא לאזין לעבין זאגט ער יוא איך וועל אייך
לאזין לעבן נאר בזה אופן איר זאלט מיר ברענגן מיינע
ברודער וויא זייא שטייאן אונ וויא זייא גייאן איז איינר
געך אהים געלאפן אונ הט זיי געברענגט צו פירין אויף אוואגן
אין אייזערני שטייגן הט ער זיי תיכף דר קענט אונ זיי האבן
אים אויך דער קענט נאר זיי האבן זיך אים געשעמט אן צו קוקין
הט ער זיי געהייסן אהיים נעמן אונ אפ וואשין אפ שערן אן טון
ווי פריר זיי האבן אזו געטון אונ האבן אים זיי געברענגט דר
נאך הט ער זיי ערשט געהארגית אונ זיי הט ער געגעבן צו עסין

אונ צו טְרִינְקְן אוּנגְקְלֶערְט בַּיי זִיךְ וִוי אַזוֹ עֶר זָאל גְוָואר וֶוערֶן צו זֵיי זֶענֶן אִים גְטְרַייְ צוּ נִיט : בקיצור עֶר הָט צוּ זֵיי גְזָאגְט אַז זֵיי זָאלְן עֶסֶן אוּנ טְרִינְקֶן אוּנ עֶר אִיז מִיד וֶועט עֶר זִיךְ אַבִּיסֶל אִיבֶּער שְׁלָאפֶן אוּנ הָט זִיךְ גְלֵייגְט אוּנ הָט נִיט גְשְׁלָאפֶן זֵיי הָאבֶּן אָבֶּער גְמֵיינְט אַז עֶר שְׁלָאפְט זָאגְט אֵיינֶר צוּם אַנְדֶערְן מִיט וָוס פַר אַפָּנִים וֶועלֶן מִיר אַהֵיים קוּמֶן צוּ אוּנְזֶער פָּאטֶר אַז עֶר הָט יוֹא גְבְּרַאכְט דִי קְרַאטִיכְצֶער אוּנ מִיר נִיט . זָאגְט דֶר אַנְדֶערֶר לָאמֶר אִים הַארְגֶנְין אוּנ לָאמֶר אַהֵיים פָארֶן מִיט דִי קְרַייטִיכְצֶער אוּנ מִיר וֶועלֶן דֶעם טַאטֶן גְזָאגְן מַאכֶן מֶען וֶועט פְרֶעגֶן אוּף דֶעם נַעַר וֶועלֶן מִיר זָאגֶן וֶוער ווייסְט וִוי עֶר אִיז . נוּא וִוי עֶר הָט גְהֶערְט אַז מֶען ווִיל אִים הַארְגֶנְין הָט עֶר זִיךְ אוּף גְהַאפְּט אוּנ זָאגְט וָוס דַאכְט אִיר מִיךְ הַארְגֶנְין אִיךְ וֶועל אַייךְ אֵיין אַנְדֶערִי עֵצָה גֶעבֶּן גוּט מִיר אַייֶערִי וֶועקְסֶלֶן פוּן דִי פֶּערְטֶל מְלוּכוֹת אוּנ אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶעבִּין דִי קְרַאטִיכְצֶער אוּנ פָארְט אַהֵיים אוּנ מַאכְט דֶעם טַאטֶן גְזוּנְד אוּנ אִיךְ וֶועל אַבִּיסִיל דוּ וֶועלְט בַּארַייזְן גָאט ווייסְט צוּ וֶועל אִיךְ אַהֵיים קוּמִין . בקיצור עֶר הָט זֵיי גֶגֶעבֶּן דִי קְרַייטִיכְץ אוּנ זֵיי הָאבֶּן אִים גֶגֶעבֶּן דִי וֶועקְסְלֶן אוּנ זֶענֶן אַהֵיים אוּנ הָאבֶּן דֶעם פָאטֶר גְמַאכְט גְזוּנְד מֶען הָט זֵיי גְפְרֶעגְט אוּף דֶעם נַעַר זָאגֶן זֵיי זֵיי ווייסִין גָאר נִיט מֶען פְרֶעגְט זֵיי וָוס זֵייא הָאבֶּן זִיךְ אַזוֹ לַאנְג גְזוּימְט זָאגֶן זֵיי דֶר וֶועג דַארְף צוּ דוֹיֶערֶן זֶעקְס יָאר נָאר מַחֲמַת וַוייל מִיר זֶענֶן חכמים הָאבֶּן מִיר זִיךְ ווייניגֶער גִיזוּימְט נוּא לָאמִר זֵיי לָאזִן אוּנ מִיר וֶועלֶן שְׁמֵיסֶן פוּן דֶעם נַעַר עֶר הָט זִיךְ צוּ גְנוּמֶן דִי וֶועקְסֶלֶן אוּנ דָם בְּרוֹט מִיט דֶעם וַויין אוּנ דָם שְׁוֶוערְדֶל אוּנ אִיז גְרוּפִין פוּן שְׁטָאט צוּ שְׁטָאט

בִּיז

בִּיז עֶר אִיז גְקוּמֶן אִין אמלכות שְׁטָאט אַרַיין הָט עֶר גְהֶערְט אַז מֶען פּוּיקְט אוּם דֶר וָוָס וֶועט זִיךְ אוּנְטֶער נֶעמֶען צוּ גֶעבֶּן דֶעם קייזר בְּרוֹט אוּף דְרַייא חֲדָשִׁים דֶעם גוּט מֶען וָוָס עֶר וֶועט נָאר אַלֵיין וֶועלֶן אִיז עֶר אַרוּף גְגַאנְגֶן צוּם קייזר אוּנ הָט אִים פַּר דוּנְגֶען דָס בְּרוֹט מִיט דֶעם וַויין אוּף צְוַוייא יָאר אוּנ הָט גְנוּמִין אַוֶועקְסְל צוּ דִי צְוַוייא יָאר אַז עֶר וֶועט אִים נִיט אָפּ גֶעבְּן דָס בְּרוֹט מִיט דֶעם וַויין אִיז דִי מְלוּכָה זַיין אוּנ אִיז גְפָארֶן בִּיז עֶר אִיז גְקוּמֶן אִין אַמַלְכוּת שְׁטָאט אַרַיין אוּנ רַייט פוּר פַּר דֶעם מלכות שְׁלָאס זֶעהְט עֶר וִוי אוּף דֶעם דַאךְ זִיצְט אֵיין אַלְטֶער מלךְ אוּנ וֵויינְט פְּרֶעגְט עֶר אִים וָוָס עֶר וֵויינְט זָאגְט עֶר וָוָס זָאל אִיךְ נִיט וֵויינִין שׁוֹן אַיָאר אַז אִיךְ הַאלְט מלחמה פַאלְט מַיין פָאלְק וִוי דִי פְלִיגִין בַּאלְד בִּין אִיךְ שׁוֹן פַאר לוּירִין: בקיצור עֶר הָט אוּף אִים גְרוֹס רַחֲמָנוּת בַּקוּמִן אוּנ הָט זִיךְ צוּ לָאזְט אוּף דֶעם פֶערְד אִין אִיז אַרַיין אוּנ דֶר מִיט אוּנ זָאגְט צוּם שְׁוֶוערְדֶל הַאק דָם שְׁוֶוערְדֶל הָט גְהַאקְט אוּנ פִינְף מוּנִיט אִיז נִיט אִיבֶּר גְבְּלִיבֶּן קֵיין אֵיינְצִיגֶער פוּן דֶעם שׂוֹנֵא אוּנ דֶר נָאךְ אִיז דָס שְׁוֶוערְדֶל צוּ רִיק אִין דֶר שֵׁייט אַרַיין אוּנ עֶר אִיז זִיךְ אַוֶועק גְרוּטִין. נוּא וִוי דֶר מלכות הָט גְזֶעהְן אַז עֶר אִיז גָאר אַוֶועק פוּן אִים אִיז עֶר גְלַייךְ גְרִיטֶן אִין קַארֶע אַרַיין אוּנ הָט אִים אָן גְנוּמֶן דִי מלחמה הָט עֶר תֵּיכֶף צוּ שִׁיקְט שְׁלוּחִים אוּף אַלִי זַייטִין אַז מֶען זָאל אִים בְּרֶענְגֶן הָט מֶען אִים דֶר זֶעהְן רַייטְן אִיז מֶען צוּ אִים צוּ אוּנ מֶען הָט אִים גְבֶּעטֶן אַז עֶר זָאל צוּרִיק רַייטֶן צוּם מלךְ אִיז עֶר צוּרִיק וִוי דֶר מלךְ הָט אִים דֶר זֶעהְן הָט עֶר אִים גְקִישְׁט אוּנ גְהַאלְדְזְט אוּנ הָט אִים גְוָואלְט

געבן

געבן אגרוס רייכטום הט ער ניט גוואלט נעמן דר נאך הט ער געבעטן ער זאל אים זאגן אונ ווס די גבורה בשטייט הט ער געהייסן אז מען זאל אים ברענגן אזו איינם ווס ער איז חייב מיתה הט מען גברענגט הט ער גזאגט צום שווערדל האס הט עס אים אפ געהאקט דעם קאפ האט אים דער מלכות געבעטן ער זאל אים פר קויפן דם שווערדל זאגט דר נער ארוני סיניג איך בעט דיך איבר אזוני דריי מלכים וועלן עס אוך ניט סענן באצלן נאר פר דינגן וועל איך עס דיר אוף איאר בזה אופן צום יאר אז דו וועסט מיר ניט אפ געבן דאס שווערדל איז די מלוכה סיין ער הט אים געגעבן דאס שווערדל אונ דר מלך הט אים גגעבן אוועקסל אונ געלד אונ ער איז אוועק גרוטין אונ איז גקומן אוף אגרוס פעלד הט ער געזעהן פון דר ווייטנס לופין אנאקוטין מענש ווי די מוטר הט אים בשאפן הט ער צו אים גשריגן די אומגליקליכר מענש שטיי איך וועל דיר געבן קליידר אן צו טון אונ דר צייל מיר פון וואנן די לופסט. דר ציילט ער אים אז ער איז אפרינץ נאר ער איז גפארן שפאצירן איז ער פאר בלאנזיט גווארן צו דר שטאט אומרעכט פרעגט ער אים ווס איז די שטאט אומרעכט זאגט ער אים אין דר שטאט קאן מען ניט ארוין פארן נאר אוף איין זייט איז דא זיבין טורין איינס נאך עס אנדרי מוז מען דורך די זיבין טורין דארך פארן אונ דארט זיצין אלערליי סאלוקים אין דר וועלט מוז מען איטליכן געבן אקוש אין פנים אונ אנדבה ווי נאך אמענש נאך אונ אין זיבינטן טוער גוט מען אנשריי ווער ביסטו מוז מען אים זאגן

איז

אִיז מֶען אַפְּרָאסְטֶער מֶענְשׁ לָאזְט מֶען אִים גֵּיין אִיז מֶען אמלך
אָדֶר אַפְּרִינְץ אִיז דָא וִוי פִּיל מלכים אַזוֹ פִּיל קְלֶעצֶר אוּנ אוֹיף
אִיטְלִיכִין קְלָאץ אמלכות צורה גִיט מֶען אַנְשְׁרַייא צוּם פַאל מוּז
מֶען דָארְךְ לוֹפִין דִי קְלֶעצֶר אוּנ אִיז לוֹפִין מוּז מֶען דֶר סֶענֶן
זַיין פָּאטֶעֶם צוּרָה אוּנ וִוי בַּאלְד מֶען דֶר סֶענְט מוּז מֶען זִיךְ
דֶר נָאךְ גֵיין אַדִירֶע רוּנְגֶן שְׁטֵיין שׁוֹן אוּנ דִי גַאסֶן דִיא בעלי
בתים פוּן דִי אֵיינְפָאר הַייזֶר פְּרֶעגְט מֶען שׁוֹן צוּ מֶען דַארְף
נִיט אַדִירָה נָאר וִוי פִּיל מֶען הֵייסְט זִיךְ גֶעבֶּן מוּז מֶען גֶעבֶּן
דֶר נָאךְ מוּז מֶען זִיךְ לוֹפִין בְּרוֹט טָאר מֶען זִיךְ אוֹיךְ נִיט רוּנְגֶן
אוּנ דָם-בְּרוֹט מוּז מֶען הָאבֶּן אוֹיף אַכְט טָאג אוּנ וִויא בַּאלְד
מֶען זֶעצְט זִיךְ נָאר עֶסֶן קוּמְט מֶען צוּא גֵיין אוּנ קְלַאפְּט אָן
אִין דֶר טִיר מוּז מֶען זַארִים אָפִּיר שְׁפְּרִינְגֶן פוּן דֶעם טִישׁ אוּנ
אוֹיף מַאכֶן דִי טִיר וֶועט אֵיינֶר אַרַיין קוּמִין אוּנ וֶועט זָאגֶן
מֶען רוּפְט דִיךְ צוּם שׁוֹפֵט מוּז מֶען אִים זָאגִין אַז מֶען וֶועט
נָאר אָפּ עֶסֶן וֶועט מֶען בַּאלְד קוּמֶן אוּנ אִים אַרוּם בַּרֵייטֶן אוּנ
מֶען מוּז בַּאלְד גֵיין אַזוֹ אִיז אַלִי טָאג וַוייטֶער וֵוויים אִיךְ נִיט
אִיךְ הָאב דָם נִיט גְוִוִיסְט בִּין אִיךְ גְלַייךְ אַרַיין גְפָארֶן הָאט מֶען
מִיךְ גְוָואלְט הַארְגֶנֶן הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָפּ גְבֶּעטֶן אוּנ אַלְרוּנְג פוּן
מִיר אַוֶועק גְגֶעבֶּן אוּנ בִּין אַנְטְרָאפֶן: בקיצור עֶר הָאט אִים
גְגֶעבֶּן אַסַאךְ גֶעלְד אוּנ הָט אִיהְם גְלָאסְט גֵיין. דֶר נַער הָט
זִיךְ אוֹיף גְזֶעצְט אוֹיף דֶעם פֶערְד אוּנ אִיז גְלַייךְ גְרִיטֶן צוּ דֶר
שְׁטָאט וִוי עֶר אִיז גְקוּמֶן צוּם עֶרְשְׁטֶן טוֹעֶר אִיז עֶר אַרָאפּ גְקְרָאכֶן
פוּן דֶעם פֶערְד אוּנ הָט אִיטְלִיכִין גְגֶעבֶּן אַקוּשׁ אוּנ אַנְדָבָה אוּנ
אַלִי זֶעקְס טוֹעֶרִין אִין זִיבִּיטֶן טוֹעֶר הָט מֶען גְגֶעבֶּן אַנְשְׁרַייא וֶוער
בִּיסְטוּ

ביסטו האט עם מיט אים אָוואָרף גטון האט ער גזאגט ווער ער איז האט מען גשרוגין צום פאל האט ער זיך ארוף גחאפט אוף דעם פערד אונ איז דורך גלאָפן אונ האט דר קענט דעם פאטרם צורה אונ גוט אפסוק זעהט ער ווי דר תלין שטייט מיט דר שווערד אונ זאגט קעריל האסט גליק טראכט ער ביי זיך ווען ער זאל האבן זיין שווערדל וואלט ער אום זיי גלאכט דר נאך איז ער זיך גגאנגן דינגן אדירה אונ האט זיך גקופט ברוט אונ איז אהיים גגאנגן אונ האט זיך אנידר גזעצט עסין קלאפט מען אן האט ער דעך שון אלץ גוויסט וויא אזו זיך נוהג צו זיין נאך דעם עסן איז ער גגאנגן אונ ראטהויז אריין אונ כומט אריין אין שטוב זעהט ער ווי עם זוצט דר מלכות אונ אסאך רעטר אונ ביי דר טיר שטייט איין בעטלר בונט אוף דעם רעכטין אויג פרעגט ער ווער עס לאד אים רופט זיך אן דר בעטלר אז ער לאד אים. אזו הייבט ער אן צו לאכין אונ פרעגט ווס לארסטו מיך די בלינדר בעטלר זאגט ער גרעננקסטו די ביסט בלינד געוועזין אוף דעם לונקן אויג האסטו ביי מיר ארוס גנומן דס רעכטי אויג אונ האסט עס דיר אריין גזעצט אין לינקין אויג אריין זאגט ער יוא די ביסט גרעכט נאר לאז מען ארוס נעמן מיין לינק אויג אונ דיין לינק אויג לאז מען זיי וועגן צו וועגן זיי גלייך ווארין צוויי אוגין זענן מחויב גלייך צו וועגן אקעגן וועל איך חאטשי האבין איינם אונ דו וועסט גאר ניט האבין. נוא ווי דר בעטלר הט דס גהערט הט ער מורא גהאט טאמר וועט מען עס טאקע טון זאגט ער ניין עס איז גאר ליגינט זיי האבן מיך

אן

אָן גְרֶעט אַז אִיךְ זָאל אַזוֹ זָאגֶן אִיז זִיךְ דֶר נַער אַהֵיים גְגַאנְגֶן
אוּנ זַיי הָאבֶּן ווידֶר גְקְלֶערְט מִיט וָוס פַר אַשְׁפִּיקִילַאצְיֶע מֶען
זָאל אִים קֶענֶן אוּמְבְּרֶענְגֶן . דֶר וַוייל הָט דֶר מלכות בְּדַארְפְט
חַתוּנָה צוּ מַאכֶן אַטָאכְטֶער הָט מֶען אִים אוֹךְ גְבֶּעטֶן אוֹף דֶר
חַתוּנָה אוּנ אִין דֶר שְׁטָאט אוּנ אִיז נִיט גְוֶוען קֵיין גְרוֹסִי
פוּשׁ נָאר קְלֵיינֶע פִּישְׁלֶךְ אִיז דֶר מנהג גְוֶוען אַז מֶען הָט
נִיט גְטָארְט אִיבֶּר קֶערֶן דָם פוּשִׁיל אוֹף דֶר אַנְדֶערֶר זַייט וְוִיא
בַּאלְד יוֹא אִיז גְקוּמֶן מיתה אוּנ עֶר הָט דֶר פוּן נִיט גְווִיסְט
מֶען הָט גֶגֶעבֶּן צוּ עֶסֶן הָט מֶען גֶגֶעבֶּן פִּישׁ אַיֶעדֶר הָאט
פַּאוָואלִי גֶגֶעסֶן אוּנ עֶר הָט אֵיין זַייט אָפּ גֶגֶעסֶן אוּנ הָאט
אִיבֶּער גֶקֶערְט . אוֹף דֶר אַנְדֶערֶר זַייט אִיז גְוָוארֶן אַגִיפַּאטְשְׁרֵיי
בְּרַאוָוא דֶעם מלכות טָאכְטֶער הָאט גְזָאגְט טַאטוּ אִיךְ הָאבּ
גִיזֶעהֶן ווִי עֶר הָט אִיבֶּר גִיקֶערְט דָם פִּישֶׁל דֶר חָתָן הָט גְזָאגְט
אִיךְ הָאבּ צוּם עֶרְשְׁטֶן גְזָאגְט אַז עֶר הָט אִיבֶּר גְקֶערְט דָם
פִּישֶׁל נָאךְ אֵיינֶר הָט זִיךְ אָן גְרוּפִין אַז עֶר הָט גֶהֶערְט ווִי
עֶר הָט אִיבֶּר גְקֶערְט דָם פִּישׁוּל . בקיצור מֶען הָאט אִים
אַוֶועק גְנוּמֶן פוּן דֶעם טִישׁ אוּנ מֶען הָאט אִים אֵיין גְזֶעצְט
תָּפוּס אוּנ אִין דְרַיי טָאג אַרוּם הָט מֶען אִים אַרוּס גְפִירְט
צוּם הֶענְגֶען אִיז דִי גַאנְצִי שְׁטָאט נָאךְ גְגַאנְגֶן מִיט גְרוֹס שִׂמְחָה
ווִי דֶר תַּלְיָן אִיז גְקוּמֶן אוּנ הָט גְוָואלְט אוֹף הֶענְגֶען זָאגְט עֶר
עֶר דַארְף נָאךְ עֶפִּים צוּ זָאגֶן דֶעם מלךְ פַר דֶעם טוֹט אוּנ
רוּפְט צוּ דֶעם מלךְ אוּנ זָאגְט אדוני קֶינִיג בַּיי מַיין טַאטִין
אִיז דֶר דִין דֶעם יֶענִיגִין וָוס מֶען דַארְף אוּמְבְּרֶענְגֶן מֶעג עֶר
זִיךְ פַר דֶעם טוֹט אוּם בִּיטִין דְרַיי זַאכֶן טוּ מֶען עֶס אִים

טון זאגט דר מלכות ביי מיר איז אוך אזו דו מעגסט דיר
אום ביטין וואס די ווילסט מוז מען דיר טון . זאגט דער
נער דר וואס הט גזעהן אז איך האב איבר גקערט דם פישל
דעם זאל מען די אוגין ארוס נעמן דר וואס הט געהערט דעם
זאל מען די אוערין אפ שניידן דר וואס הט גזאגט דעם זאל
מען די צינג אפ שניידן איז דעם מלך זייער לייד געווען זייני
קינדר אזונס צו טון זאגט ער איך שענק דיר דם לעבין
אונ פאר דיר אהיים . בקיצור ער איז זיך ארוס גריטן אום
דר שטאט אונ איז גרוטין נאך דעם שווערדל אונ נאך
וויין מיט דעם ברוט אונ הט דס אלץ אפ גנומן אונ הט
זיך גלאסט אהיים צום פאטר ווי ער רייט אזו בגעגינט ער
זיין כלה פארין מיט גרוס פיראדי צו אים תתונה האבין
איז ער שון מיט איר גפארן צו זיין פאטר אונ הט זיך
גהייסן אפ געבין די מלוכה אונ די ברודר הט ער תיכף
גהארגית דר נאך הט ער זיך ערשט גגעבן צו דער קעניגן
אונ הט אים דר ציילט די גאנצי מעשה דר מלך איז דר
פון זייי... ־רידין געוועזין . דר נאך האבן זיי תתונה געהאט
... וועק גפארן אין איר מדינה אריין הט מען אים
אוף גנומן פר אמלכות אונ הט זייער מצליח געווען אונ הט
געהאט קינדר אונ קינדס קינדר גאט זאל אונז אוך העלפן
בביאת גואל במהרה בימינו אמן :

# ענדע

## דיא

# קלוגע וועלט

דא ווערט דערציילט פיהל זאכען, וואס זענין זייער צום לאכען. אויך פיהל וויצען, וואס קענין יעדעם מענשען ניצען.



---


## ווארשא

בשנת תרל״ב לפ״ק


---

# КЛУГЕ ВЕЛТЪ


ВАРШАВА

Въ типографіи Ю. Лебенсона на дзикой улицѣ N. 38.

**1872.**

# ר׳ דן שניידער דער לעמבּערגר עדות

עֶס אִיז אַמאָל גְוֶועזִין אַשְׁנֵיידִיר עֶר הָט גְהֵייסִין דָן . און מֶען הָט אִים גְרוּפִין דָן שְׁנֵיידִיר דִיזֶער שְׁנֵיידִיר אִיזְט שוֹין אַלְט גְוֶועזִין 50 יָאהְר . אוּנד וַואר שוֹין 30 יָאהְר שְׁנֵיידִיר מֵייסְטֶער . עֶס אִיז אִים זֵייעֶר גוּט גְגַאנְגִין עֶר הָאט שוֹין גְהַאט זֵיין אֵייגִין הויז אוֹךְ שֵׁיינֶע ווִירְט שַׁאפְט צִירוּנְג אוּנד זִילְבֶּר . דִיזֶער דָן אִיז גְוֶועזִין הוֹיךְ גְוַואקְסִין אֵיין דִיקֶער מַאן הָט פַר זִיךְ גְטְרָאגִין אֵיין גְרוֹסִין בּוֹיךְ אוּנ אֵיין לַאנְגִי בָּארְט אוּנ אַשְׁטַארְקִין שְׁטָאק אִין זֵיין רֶעכְטִי הַאנְט אוּנ הָט זִיךְ זֵייעֶר נְגִידִישׁ גְלֶעבְּט מִיט גְרוֹס פַּרְגְנִיגִין נָאר אֵיין זַאךְ הָאט אִים גְקְרֶענְקְט עֶר הָט גְוִויסְט אַז עֶר אִיז נִיכְט גְאַכְטֶעט וָוארִין עֶר הָאט גְוואוֹנְט אִין פּוֹילִין און בֵּייא פּוֹילִישֶׁע יוּדִין אִיז אַבֵּעל מְלָאכָה נִישְׁט חָשוּב . וֶוער שְׁמוּסְט פוּן אִים אָדֶר וֶוער שְׁמוּסְט מִיט אִים . נוּא וָואס הָט עֶר דַאצוּ גְקֶענְט טוּהְן אזוֹ הָט עֶר זִיךְ מְיַישֵּׁב גְוֶועזִין און הָט זִיךְ גְמַאכְט אַטַאנְדֵייט דָאס הֵייסְט אֵיין קְלֵיידֶער הַאנְדֶל זַיינִי גְזֶעלֶן פְלֶעגִן דָם צוּ הויז בַּיי דָעם דָן שְׁנֵיידֶר אוֹיף צוּ נֵייעֶן און עֶר אִיז גְזֶעסִין אִין גְוֶועלְבּ און הָאט דָם פַרְקוֹיפְט אַזוֹ אִיז עֶר שוֹין גְוֶועזִין עֶפִּים מֶעהְר וִויא אֵיין אַנְדֶרֶר שְׁנֵיידֶר עֶר פְלֶעגְט אוֹךְ שוֹן פָארִין אוֹיף יְרִידִים אִין הָאט דָארְט פוּל פַרְשְׁלֵייסט עֶר אִיז אָבֶּר אוֹיךְ צוּם פַרְקוֹיפֶן זֵייעֶר גְשִׁיקְט גְוֶועזִין לְמשל עֶר הָט גִיהַאט צוּ פַרְקוֹפֶן אֶפְשַׁר טוֹיזִינְד פָּאר הוֹיזֶען . וָואס עֶר הָט דָאס גְמוּזְט כמעט אִין אֵיין טָאג פַרְקוֹפֶן וָוארִין דֶער יְרוּד שְׁטֵייט נִישְׁט אזוֹ הָט עֶר קֵיין צֵייט נִישְׁט גְהַאט מִיט אִיטְלִיכִין

זִיךְ צוּ דִינְגֶן יֶענִים צוּ בֶּעטָן אוּן מִיט אִים לַאנְג אֵיין צוּ טַאנֶען . עֶס הֶעלְפְט דָאךְ אָבֶּר נִישְׁט . מַאן מוּז דֶעם קוֹנֶה עֶטְוָואס פָאר שְׁלָאגִין אַזוֹ פְרֶעגְט עֶר מִיט אֵיינֶר אוֹיסֶער אָרֶענְטְלִיכֶר גְשְׁווִינְדֶקייט דֶעם קוֹנֶה צוּ זָאגִין דָם הֵייסְט צוּ דֶעם קוֹנֶה וָואס הָאט אִים גִיפְרֶעגְט אוֹיף דֶעם פְּרֵייז פוּן אַפָּאר הוֹיזֶען אַזוֹ פְלֶעגְט עֶר אִים צוּ עֶנְפֶרִין מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער גְשְׁווִינְדֶקייט . דִי הוֹיזֶען זֶענִין פִינֶף גִילְדֶען . אוּנְטֶר פִיר וָועט אִיר זַייא נִישְׁט קוֹפֶן וֶועט אִיר גֶעבִּין דְרֵייא . גִיטְשֶׁע אַהֶער צְוֵויי נֶעמְט אֵייךְ פַר אֵיינִים. אכלל עֶר אִיז שׁוֹין גְוֶועזִין אסוחר אוֹיךְ. אִין דֶעסִין אִיז עֶר פָארְט נִישְׁט גְאַכְטָעט וָוארִין עֶר אִיז דָאךְ פָארְט גְוֶועזִין אַשְׁנֵיידֶר .

דֶר וֵוייל הָט זִיךְ אַמָאל עֶר אֵייגִינְט אַז צְוֵויי שְׁכֵנִים וָוס הָאבִּין גְוואוֹנְט גַאנְץ נָאהִינְט פוּן דֶעם דֶן שְׁנֵיידֶר הָאבִּין זִיךְ זֵייעֶר צוּקְרִיגְט אוּן הָאבִּין זִיךְ אוֹיךְ צוּ שְׁלָאגִין אוּנ צוּ בַּאלְט אוּן הָאבִּין זִיךְ ארוֹיף גְשְׁלֶעפְּט צוּם רָב הָאבִּין אדין תורה אִיטְלִיכֶר פוּן זֵייא הָאט גֶעטַאנִיט אַז יֶענֶר הָאט מִיט אִים פְרִיר דָר טְשֶׁעפִּיט אוּן הָאט אִים גְשְׁלָאגִין אוּן הָאט אִים דַאצוּ גְבְּרַאכְט אַז עֶר הָאט זִיךְ גְמוּזְט פַרְטְהֵיידִיגִין אוּנ הָט אִים גְמוּזְט צוּרִיק שְׁלָאגִין אַזוֹ הָט דֶר רָב גְפַּאסְקִיט אַז עֶס זָאלִין קוּמֶן עדות זָאגִין פוּן דִי וָוס וואנִין מִיט זֵייא אִין שׁכנות וָוס זֵיי זֶענִין גְוֶועזִין דַאבֵּיי . וִוי זֵייא הָאבִּין זִיךְ גְשְׁלָאגִין אוּן זָאלֶן עדות זָאגִין וָוער עֶס אִיז גְוֶועזִין דֶר עֶרְשְׁטֶר וָוס הָט דֶר טְשֶׁעפִּיט אוּן הָאט יֶענִים גְשְׁלָאגִין אַזוֹ וָועט מַאן דֶעם קַאנְסֶנִין אַזוֹ זָאגִין דִיא צְוֵויי יוּדִין צוּם רָב נֶעבִּין אוּנְז זִיצְט ר׳ דָן

שְׁנֵיידֶר עֶר אִיז גְוֶועזִין דַאבֵּיי וִויא מִיר הָאבִּין זִיךְ גְשְׁלָאגִין
אוּן עֶר ווַייסְט וָוער עֶס הָאט דֶער טְשֶׁעפִּיט אַזוֹ זָאל דֶער
רבי זָאל לֶעבִּין מוחל זַיין שִׁיקִין דֶעם דַיין שַׁמֶשׁ צוּ דֶעם
ר׳ דָן שְׁנֵיידֶר עֶר זָאל אִים רוּפִין אִים נָאמִין פוּן דֶעם רָב
אַזוֹ וֶועט דֶער ר׳ דָן קוּמֶן אוּנְד וֶועט עֵדוּת זָאגִין וָוער
עֶס אִיז גְוֶועזִין דָר עֶרְשְׁטֶר וָואס עֶר הָאט דֶר טְשֶׁעפִּיט ·
גוּט. גוּט זָאגְט דֶר רָב אוּנְד הָט רִיכְטִיג תֵּיכֶּף גְשִׁיקְט דֶעם
דיין שמשׂ צוּ דֶעם ר׳ דן שְׁנֵיידֶר עֶר זָאל קוּמֶן עֵדוּת
זָאגֶן דֶער דיין שמשׂ הָט אָבֶּר זַייעֶר גוּט גֶקֶענְט דֶעם דן
שְׁנֵיידֶר מִיט זַיינִי אַלֶע ווִינְשֶׁע אַזוֹ הָט עֶר זִיךְ אָן גִיטוּהָן
זַיינִי בִּגְדֵי מָשִׁי דָם הַייסְט זַיינִי זֵיידִינִי קְלֵיידֶער וָואס עֶר
טְרָאגְט זַייא אוּם שַׁבָּת אָדֶר אוּם יוֹם טוֹב אוּן הָאט זִיךְ
אוֹיף גִיזָעצְט אַנֵייעֶם סְפָּאדִיק אַהוֹיכֶן אוּן הָאט גְנוּמֶען
אַשְׁטֶעקִין מִיט אַזִילְבֶּרְנִי גַאלְקִי אוּן אִיז אַרוֹים גְגַאנְגֶען
אוֹיף דֶעם יַאנִיוֶוער שְׁלַאג דָארְט הָאט גְוואהְנְט דֶער ר׳
דָן אוּן אִיז אַרַיין גְקוּמֶן צוּ דֶעם ר׳ דָן שְׁנֵיידֶר אוּן הָאט
גְזָאגְט גַאנְץ הוֹיךְ · גוּט מָארְגִין ר׳ דן. גוּט מָארְגִין גוּט
יָאהְר עֶנְפֶרְט אִים ר׳ דן בָּרוּךְ הַבָּא ר׳ משֶׁה דַיין שַׁמֶש ·
בָּרוּךְ הַנִמְצָא ר׳ דן. וָואס אִיז עֶפִּיס פַאר אַגַאסְט ר׳ משה
לֶעבּ · מֵיין לִיבָּר ר׳ דן עֶנְפֶרְט דָר דַיין שַׁמֶשׁ דֶר רָבִּי
זָאל לֶעבִּין דֶר לֶעמְבֶּערְגֶר רָב הָאט מִיךְ צוּ אֵייךְ גְשִׁיקְט אִיךְ
זָאל אֵייךְ מכבד זַיין אִיר זָאלְט וֶוערִין דֶעמְבֶּערְגֶר עֵדוּת צוּם מַזָל
אַזוֹ אִיז דֶער ר׳ דן שְׁנֵיידֶר זַייעֶר אִיבֶּר רַאשְׁט גְוָוארִין אוּן
לוֹיפְט גְשְׁווִינְד אַרַיין צוּ זַיין ווַייבּ אִין אַלְקֶער אַרַיין אוּן
זָאגְט צוּ אִיהְר מִיט אַגְרוֹים פְרֵייד עֶר הָאט גְצִיטֶערְט

פַר שמחה מֵיין וַוייבּ שׂרה יענטע קֶעבּ זָאג מִיר מזל טוֹב
וָואר‌ין אִיךְ בִּין שׁוֹין נִישְׁט ..קיין חַיִּיט. נֵיין נֵיין אִיךְ בִּין
שׁוֹין גְוָוארִין לֶעמְבֶּערְגֶר ..עדות אַצוּנְד קוּם אַרֵיין אִין שְׁטוּבּ
אוּן זַיי מכבד מִיט דֶעם בֶּעסְטֶען אֵיינְגֶעמַאכְץ דֶעם ר׳ ..משה
דיין שמשׁ וָוס עֶר הָט מִיר גְּבְרַאכְט דִי בְּשׂוֹרה טוֹבה .
אַזוֹ אִיז דָם ר׳ דנס וַוייבּ אַרֵיין גְקוּמֶן הָט אִיר דֶער ר׳
משה דיין שמשׁ גְזָאגְט אֵיין עֶקְסְטֶערְן מזל טוֹב אוּן זִיא
הָאט אִים אוֹיךְ גְוַוארְט מִיט אֵיינְגֶעמַאכְץ אוּן פְּלָאדִין אוּן
זַייעֶר גוּטֶן רֶעזָאלִי בְּרַאנְדְוויין אוּן דֶער ר׳ דן הָט אַנִידֶר
גְלֵייגְט אוֹיף דָם טֶעלֶער פְּלָאדִין אַפִּינְוֶועריל נָאט בשׂוֹרה
גֶעלְד אוּן הָט זִיךְ גְלָאזְט מַאכִין אַוַואנֶע אוּן הָט זִיךְ זַייעֶר
גִיט אָפּ גְבָאדִין. לְכָבוֹד דֶער גֵייעֶר שְׁטֶעל וָואס מֶען הָט
אִים צוּ גְטֵיילְט. אוּן הָאט גְשִׁיקְט אֵיינְלַאדֶען אַלִי זַיינִי
קְרוֹבים אוּן שׁכנים אוּן הָט זַייא גְהֵייסִין זַייא זָאלִין אִים
זָאגִין מזל טוֹב אוּן הָט זַיי אַלֶע גְטֵיילְט פְּלָאדִין אוּן הָאט
זַיי גִיבֶּעטִין זַייא זָאלִין מִיט אִים מִיט גֵיין צוּם רב. כדי
עֶס זָאל זַיין לכבוֹד. אוּנ הָאט זִיךְ אָן גטוּהִן אַזוֹ וויא אוּם
יוֹם טוֹב אוּנ הָאט זִיךְ אַזוֹ גִישְׁלֶעפְּט לַאנְגְסַאם מִיט זַיינֶע
אַלִי גֶעסְט אִיבֶּר דֶעם גַאנְצִין שְׁלַאק אוּנד אִיבֶּר דֶר גאנְצֶר
בְּרֵייטֶר גַאס בִּיז צוּם רב אוּנ וֶועמִין עֶר הָאט בֶּעגֶעגִינְט
אוֹיף דֶעם וֶועג הָאט עֶר יֶענִים אָן גְקוּקְט אוּן הָאט נָאר
גְלַאכְט הָט אִים יֶענִיר מִן הסתם גְפְרֶעגְט פַר וָוס עֶר לַאכְט
הָט עֶר אִיטְלִיכֶן דֶר צֵיילְט אַז עֶר הָט הֵיינְט אשׂמחה עֶר
אִיז שׁוֹין גְוָוארִין אוֹיס חַיִּיט עֶר אִיז שׁוֹין ב״ה גְוָוארִין
לֶעמְבֶּערְגֶר עדות צוּם מזל אַזוֹ הָט אִים אִיטְלִיכֶר גְווינְשֶׁען

גְלִיק בִּיז עֶר אִיז שׁוֹין אַרַיין גַקוּמֶן צוּם רָב אַזוֹ הָאט דֶר
דיין שמש אַוֶּוינְק גְטוּהְן אוֹיף דֶם רָב וויא. אַיינֶער רֶעט
דָאס אִיז דָער ר' דן שְׁנַיידֶר און עֶר אִיז גַקוּמֶן עדות זָאגִין:

אַזוֹ פְרֶעגְט אִים דֶר רָב אִיר זֶענְט ר' דן. שְׁנַיידֶר.
יָא רֶבִּי לֶעבּ אִיךְ בִּין עֶס. עֶנְפֶּרְט ר' דן עֶפִּים צְווֵי יוּדִין
אַייֶערִי שכנים הָאבִּין זִיךְ גְשְׁלָאגִין אוּנ הָאבִּין אַיינֶער
דֶעם אַנְדֶערִין זֵייעֶר צוּ בַּאלְט אוּנ זֵיי זָאגִין אַז אִיר זֶענְט
דַאבֵּיי גִוֶועזִין אוּנ אִיר וֵוייסְט וֶוער עֶס אִיז גְוֶועזִין דֶער
עֶרְשְׁטֶר וָואס הָאט דֶרְטְשֶׁעפֶּט. לכן פֶערְלַאנְג אִיךְ פוּן
אַייךְ אַז אִיר זָאלְט פַאר אוּנְז זָאגִין בְּתוֹרַת עדות. וֶוער
עֶס הָאט דֶר טְשֶׁעפִּיט. אַזוֹ וֶוערְדֶע אִיךְ אִים קְנַסינִין.
אַזוֹ הָט זִיךְ דָער ר' דן מיישב גְוֶועזִין. אַז עֶר וֶועט דָם
דֶר צֵיילִין בקיצור וֶוער עֶס הָט דֶר טְשֶׁעפִּיט. וֶועט מֶען
דָאךְ גָאר נִישְׁט וִויסֶן אִין לֶעמְבֶּערְג אוֹיבּ עֶר אִיז גְוָוארִין
לעמברגר עדות. לכן הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסִין דֶעם רָב
צוּ דֶר צֵיילִין דִיא מעשה אִין דֶר לֶענְג. אוּנ הֵייבְּט אַזוֹ
אָן. קוֹדֶם רבי לֶעבּ מוּז אִיךְ אֵייךְ זָאגִין אַז אִיךְ הָאבּ
אַוֵוייבּ שׂרה יענטי לֶעבִּין. זִיא זָאל מֵיינֶע בֵּיינֶער אִיבֶּר
לֶעבִּין. רבי לֶעבּ וָואס זָאל אִיךְ אֵייךְ זָאגִין. אכלל אִיךְ
קֶען אֵייךְ גָאר נִישְׁט זָאגִין דָאס אַיז אַזוֹנְס. אַדִימֶעט
אַצוּקֶער אַבְּערְלַאנְט לֶעבִּין זָאל זִיא. דֶר רב קוּקְט אִים
אָן וִויא אַדִילָן מֶענְטְשׁ. עֶר בֶּדַארְף זָאגִין וֶוער עֶס הָט
דֶער טְשֶׁעפִּיט. דֶר צֵיילְט עֶר גָאר דֶעם רב וָואס פַאר
אַוֵוייבּ עֶר הָאט אַזוֹ זָאגְט דֶען ר' דן צוּם רב אִיר קוּקְט
מִיךְ אָן רבי אִיךְ וֵוייס וָוס אִיר מֵיינְט רבי וָוארִין אֵייךְ אִיז

דֶעךְ קָשֶׁה וִויא קוּם אִיךְ צוּ שׂרה יענטין. אִיךְ בִּין דֶעךְ נָאר אַבּוֹבֶּערְקֶר. אוּנ מֵיין טַאטִי אִיז גִישְׁטָארְבִּין בִּין אִיךְ אַלְט גִוועֶן 10 יָאהְר אַזוֹ הָאבּ אִיךְ נִישְׁט גְהַאט צוּ עֶסִין. אוּנ הָאבּ מִיךְ גִישְׁלֶעפְּט מִיט דִי אָרִימִי לֵייט קֵיין לעמבּרג. אוּנ בִּין גְגַאנְגִין אִין דִי הֵייזֶער אַזוֹ הָט מִיר קֵיינֶער נִישְׁט גִוואָלְט גֶעבִּין אַשְׁטִיקִיל בְּרוֹיט. אִיטְלִיכֶער הָט גִיזָאגְט אַז אִין מִיר הָאט מֶען נִישְׁט קֵיין מצוה. וָוארִין אִיךְ בִּין אַגֶעזִינְד יוּנְגִיל. אוּנ קֶען מִיךְ שְׁטֶעלִין צוּ אַבַּעל מלאכה. אַזוֹ הָאבּ אִיךְ מִיךְ גִישְׁטֶעלְט צוּ הָאצְמָאךְ שְׁנֵיידֶר. אוּנ בִּין בֵּייא אִים גִוועֶזִין 10 יָאהְר. אוּנ מֵיין וַוייבּ זָאל לֶעבִּין אִיז טַאכְטִי דָארְט גִוועֶזִין אַדִינְסְט. אַזוֹי הָאבִּין מִיר זִיךְ בֵּיידֶע גֶעקֶענְט הָאבִּין זִיךְ מֶענְטְשִׁין אֲרֵיין גִילֵייגְט אִיךְ זָאל זִיא נֶעמִין. אַזוֹ הָאבִּין מִיר חַתוּנָה גְהַאט צוּם מזל אוּנ זֵייט דַאמָלְס דָאס לֶעבִּין דִיא נשמה. אכלל רבי עֶס אִיז אַזוֹנְס נִישְׁט דָא. אכלל דֶער רבי קוּקְט נָאר. אוּנ דָא אִיז אַפּוּלֶע שְׁטוּבּ מִיט נְגִידִים דַייָנִים רַבָּנִים לוֹמדי תּוֹרה אוּנ שְׁטוֹינֶען אוּנ וֶוערִין שִׁיר צוּ זֶעצְט פַר לַאבִּין. אוּנ מֶען קוּקְט נָאר אַרוֹים אוֹף דָעם סוֹף אוּנ דֶער ר׳ דן דֶערְצֵיילְט ווייטֶער. רבי. טוּט דֶער ר׳ דן אַשְׁנֵיידֶערִישִׁין גֶעשְׁרֵייא רבי אִיר מֵיינְט אפשר אַז נָאר בֵּייא מִיר אִיז זִיא אַזוֹ חשוב. נֵיין. אִימֶעדִים וִויא זִיא גֵייט אוּנ וִויא זִיא שְׁטֵייט בְּלָאזְט מֶען אִיר אָפּ דָם אָרְט וָואס טֵייטְשׁ שׂרה יענטי לֶעבּ. דִיא קַאצִיבְּטֶע. דִיא פִּילֶערְקִי. דֶער בֶּעקֶער אַלֶע אַלֶע דִיא כַּפָּרָה פַר שׂרה יענטע לֶעבּ. אִיר צוּ לִיבּ פַר קוֹיפְט מֶען אַלֶץ וָואלְוִויל ; אוּנ זֵי בֶּעקוּמְט דָאס בֶּעסְטִי

פְלֵייש. דִיא גְרֶעסְטֶע אֵייֶער. אִין דִיא שֶׁענְסְטִי פִישׁ. און דָם פֵיינְסְטִי מֶעהֶל קְלָאהְר אַזוֹ וִויא דִי זוּן אִין תַּמוּז. דֶר וֵוייל אִיז מֵיין שׂרה יענטע זָאל לֶעבִּין גִיגַאנְגִין יֶענֶע וָואך אוּם דָאנֶרְשְׁטִיג אִין מַארְק אַרֵיין אֵיין קוֹפִין אוֹיף שבת. אַזוֹ הָאט זִיא גִיקוֹיפְט אַגַאנְז. רבי וֶוען אִיר טוּט אַטַאפּ דִי גַאנְז אוּנְטֶער דִי גְרִיפִין. אַזוֹ וָואלְט אִיר גִיזָאגְט. אַז עֶס אִיז גָאר נִישְׁט קיין גַאנְז עֶס אִיז סַאמִי פְלוּסְטֶער. אַזוֹ הָאט זִיא גְמַאכְט פוּן דֶער גַאנְז זֶעהְר וָואל גִיבְּרָאטִינְם. עֶס הָט פַאר שְׁמֶעקְט דִי שְׁטִיבּ. און פוּן דִיא גְרִיוִין הָט זִיא גִימַאכְט אַקִיגִיל. אִיז עֶר גְוֶועזִין סַאמִי שְׁמַאלְץ. דֶער קִיגִיל אִיז גְשְׁטַאנִין אוֹיף דֶעם פִּילְמִיסִיק און הָט גִיוֵוייְנְט און אִיך הָאבּ גִיזִינְגֶען מה יָפִית. און הָאבּ גְלַאכְט. רבי טוּט ר׳ דן נָאך אַמָאל אַגִישְׁרֵייא יָא רבי אִיר זָאלְט נִישְׁט לַאכִין אוּם דֶעם קִיגִיל. אוּים מֵיין שׂרה יֶענְטְלִים קִיגֶעלִי רבי דֶער קִיגִיל אִיז גְוֶועזִין אַזוֹ וִויא אֵייֶער קָאפּ גְרוֹיס דֶער וֵוייל אִיז דֶעך אִיר נָאך גִיבְּלִיבִּין זֵייֶער אַסַאך גְרִיוִין אַזוֹ הָאט זִי פוּן דִיא גְרִיוִין גִיקָאכְט וַוארֶענִיקִים מִיט אַבָּארְשְׁט אוֹיף זִינְטִיג צוּ מִיטָאג אַזוֹ הָאבּ אִיך מִיך אִיבֶּער גִיגֶעסִין און הָאבּ בֶּעקוּמֶן דִיא סְרַאטְשְׁקִי. אַזוֹ בִּין אִיך גִילָאפִין אִין בֵּית כִּסֵא אַרַיין. און הָאבּ עֶפִּים גִיהֶערְט אַטְרַאסְק. אִיך וֵוייס אָבֶּר נִישְׁט וֶוער עֶס הָט דֶר טְשֶׁעפִּיט. קוּים אַמָאל אַז דָן שְׁנֵיידֶרם־עדות הָאט שׁוֹין אֵיין עֶנְדֶע גֶענוּמֶן. עֶר הָאט דֶעם רב דֶעם קָאפּ פֶּערְדִילְט. און אַם עֶנְדֶע הָט עֶר גָאר נִישְׁט גֶעוְויסְט פוּן זַיין לֶעבִּין צוּ זָאגֶן אַבִּי עֶר אִיז גֶעוָוארִין לֶעמְבֶּרְגֶער־עדות צוּם מזל :

## ר׳ שמעיה מיט דעם מורינו

עֶס אִיז אַמָאל גִיוֶועזִין אִין אַקְלֵיין שְׁטֶעטְל אַגְרוֹסֶ
עוֹשֶׁר ׳ עֶר הָאט גִיהֵייסִין ר׳ שמעיה עֶר אִיז גְוֶועזִין אֵיי
אוֹיף גֶעקוּמְנֶער דָאס הֵייסְט עֶר אִיז נִישְׁט אַרוֹס גֶקוּמֶ
פוּן רֵייכֶי לֵייט ׳ עֶר אִיז גְוֶועזִין אַמְשָׁרֵת ׃ אוּנ הָט מצליו
גְוֶועזִין אוּנ אִיז גְוָוארִין אַגְרוֹיסֶער עוֹשֶׁר . אוּנ דָעסִין אַ
מֶען פְלֶעגְט אִים אוֹיף רוּפִין צוּ דֶר תּוֹרה . הָאט מֶע
אִים נִישְׁט אוֹיף גֶערוּפִין מוֹרֵנוּ נָאר חָבֵר . ווִיא דִיזֶעו
ר׳ שמעיה אִיז אָבֶּר גֶעקוּמֶן אִין דִיא מִיטְלֶע יָארִין דָאו
הֵייסְט עֶר אִיז שׁוֹין אַלְט גְוֶועזִין אֵיינִיגֶע פִירְצִיג יָאר. אִי
הָאט גִידַארְפְט שִׁדוּכִים טִיהְן מִיט קִינְדֶער אִיז דָאס פַאו
אִים גְוֶועזִין זֵייעֶר צוּרִיק גִיזֶעצְט וָואס מֶען הָאט אִינ
נִישְׁט אוֹיף גֶערִיפִין מוֹרֵנוּ עֶר הָאט זִיךְ זֶעהְר גִישָׁעהְמִנ
אַז עֶר וֶועט חתונה מַאכִין אוּנ זֵיינִי מחוּתּנים וֶועלִי
מִיט אִים גֵיין אִין שׁוּל אַרֵיין הַאוִוינִין אוּנ מֶען וֶועט
זֵייא אוֹיף רִיפִין מוֹרֵנוּ אוּנ אִים נִישְׁט אַזוֹ וֶועט דָם פַאו
אִים זֵיין אַגְרוֹסִי בּוּשָׁה . אוּנ טַאקִי זֶעהְר צוּרִיק גִיזֶעצְט
פוּן זֵיינִי מחוּתּנים . אוּנ זֵיי וֶוערְדִין זִיךְ דֶער נָאךְ אִיבֶּו
אִים גְרוֹס הַאלְטִין . לכן הָאט דֶר ר׳ שמעיה גָאר נִישְׁט
גֶעוִויסְט וָואס עֶר זָאל טוּהְן אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ מְיַישֵׁב
גְוֶועזִין אוּנ אִיז אַרִיבֶּער גִיגַאנְגִין צוּם רב אוּנ הָאט צ
אִים גִיזָאגְט רבִּי לֶעבּ אִיךְ פֶּערְלַאנְג פוּן אֵייךְ עֶפִּיכ
אַטוֹבָה . וָואס אִיז ר׳ שמעיה עֶנְפֶרְט דֶער רב אִיךְ בִּי
בּרייט אֵייךְ צוּ דִינְין מִיט אַלִי מֶעגְלִיכְקֵייט . מֵיין לִיבֶּער

רבי זאָגט ר' שמעיה איך פֶערלאַנג פון אייך אַז איר זאָלט זאָגין דעם גַבאי פון דער שול אַז ער זאָל מיך אויף רופין מורנו וואָרין איך שעהם מיך זייער איך זאָל זיין אַזוֹ צוריק גיזעצט פון אַלע בַעלֵי בַּתים . ובפרט איך דאַרף נאָך שרוכים צו טוהן מיט קינדער . נוא וואס פאַר אַפָּנים וועל איך האָבין פאַר מיינע מחותנים וואס זייא וועלין מיט מיר גיין אין שול אַריין דאוינין אַז מען וועט זייא אויף רופין מורנו אונ מיך חָבר . איך וועל דאָך פַּר שעהמט ווערין אונ זייא וועלין זיך איבער מיר גרויס האַלטין לכן בעט איך אייך זייער נאָך אַמאָל רבי לעב . טוט מיר די טובה אונ זאָגט דעם שול גַבאי אַז ער זאָל מיך אויף רופין מורנו אַזוֹ האָט דער ר' שמעיה גיבעטין דעם רב אַזוֹ האָט זיך דם קליינֵי שטעטילדיקע רבילי בייא זיך גיטראַכט חלעבין גאַנץ גוט אַז אַנגיד דאַרף שוין מיין טובה אַזוֹ וועל איך געלד פַּר דינען אונ זאָגט צוּ דעם ר' שמעיה מיין ליבער ר' שמעיה איך וואָלט אייך גערין אטובה גטוהן מיט מיין גאַנצין גזינד אונ מיט מיין גאַנצין לעבין נאר וואס העלפט עס אָבער אַז איך האָב אויף זאָלכי זאַכין קיין רעה נישט איך בין דאָך נאָר ארב איך בין גיזעצט אויף שאלות פּסקינין אָדר אויף אדין תורה . גיטין קדושין . אָבער טיטלין אוים צו טיילין . דאס שטייט נישט אין מיינער מאכט נישט מעהר איך קען אייך צו ליב טיהן אונ דאַרשיינין פון אייערט וועגין אונ זאָל אוים וויזין מיט פסוקים אונ מיט פּשעטליך אַז עס קומט אייך אויף צו רופין מורנו אונ אַז השי"י וועט מיר

הֶעלְפִין אַז מֵיינֶע דְבָרִים וָועלִין נוֹשֵׂא חֵן זַיין אַזוֹ וָועט
דִיא גַאנְצֶע עדה מסכים זַיין אַז אִיךְ הָאבּ רֶעכְט אוּנ אַז
עֶס אִיז אַיוֹשֶׁר דָאס מֶען זָאל אֵייךְ אוֹיף רוּפִין מוֹרֶנוּ אַזוֹ
וָועל אִיךְ שׁוֹין אַבֶּפֶעהְל גֶעבִּין דָעם חזן מִיט אִיבֶער
אֵיינְשְׁטִימִינְג דֶער גַאנְצִין גְמֵיינְדִי אַז עֶר זָאל אֵייךְ אוֹיף
רוּפִין מוֹרֵנוּ. נוּא זָאגְט ר׳ שמעיה צום רב. אַז אִיהר
פַּרְשְׁטֵייט אַז מֶען מוּז עֶס אַזוֹ מַאכִין מַאכְט עֶס אַזוֹ.
אַבִּי טוּט מִיר דִיא טובה אוּנד בְּרֶענְגְט עֶס דַאצוּ דָאס
מֶען זָאל מִיךְ אוֹיף רוּפִין מוֹרנוּ יא. ווָס הֶעלְפְט עֶס אָבֶּר
אַזוֹ אֵיינֶע דרשה קָען מֶען נִישְׁט זָאגִין בִּיז מֶען בֶּערֵייטֶעט
זִיךְ פָאר אוּנ צוּ דָעם מוּז מֶען צֵייט הָאבִּין אוּנ אִיךְ הָאבּ
דַאצוּ גָאר נִישְׁט קֵיין צֵייט סַאדְין אִיךְ זָאל אַוֶועק לֵייגִין
אַלֶע מִשְׁפָּטִים. אוּנ אַלֶי עֲסָקִים אַזוֹ וָועל אִיךְ עֶרְשְׁט צֵייט
הָאבִּין זָאלְבֶע זַאכִין קָען אִיךְ אָבֶּר נִישְׁט אַוֶועק לֵייגִין
וָוארִין דָאס אִיז מֵיין פרנסה אוּנ וָוער וָועט מִיר דֶען
צָאלִין פַר הֶיזֶק. אכלל זָאגְט ר׳ שמעיה ווִיא פִיל דֶער
רַבִּי וָועט פַר לַאנְגִין אִיךְ זָאל אִים גֶעבִּין פַר זַיין דרשה.
אַזוֹי וָועל אִיךְ גֶעבִּין מִיט דֶעם גְרָעסְטִין פַאר גְנִיגִין אִיךְ
פֶערְלַאנְג נִישְׁט מֶעהְר זָאגְט דֶר רַב. נָאר 10 דָאקַאטִין
גוּט זָאגְט ר׳ שמעיה אִיךְ גִיבּ עֶס אִיהְנִין מִיט דֶם גַאנְצִין
הַארְץ. אוּנ מִיט דֶעם גְרֶעסְטִין דַאנְק אַבִּי מֶען זָאל מִיךְ
שׁוֹין אוֹיף רוּפִין מוֹרנוּ. נוּא גוּט זָאגְט דֶער רב צוּ דָעם
ר׳ שמעיה זִי קֶענֶן שׁוֹין צוּ הוֹיזֶע גֶעהְן אִין גָאטְס נָאמִין
אוּנְד אִיךְ וָועְרדִי שׁוֹין אַלֶעס אוֹיס רִיכְטֶען אַזוֹ הָאט זִיךְ
דֶער ר׳ שמעיה מִיט דָעם רב גֶזֶעגְנְט. אוּן אִיז אַהֵיים

גינאַנגִן . ווי עס איז גקוּמֶען שבת הָאט דָער רַב גִילָאזְט רוּפִין אִין שׁוּל אַז דָער עוֹלם זָאל זִיךְ צוּ זַאמֶען קוּמֶען פַר נַאכְט אַפָאר שעה פַר מנחה וָוארִין עֶר וִויל דַארְשִׁינִין אַזוֹ אִיז זִיךְ דָר עוֹלם צוּ זַאמֶען גִיקוּמֶען אוּנ דֶר רב הָט אָן גְהוֹבִּין צוּ בֶּעוֵוייזִין מִיט פְּסוּקִים אוּנ מִיט מדרשים: אַז דָער ר׳ שמעיה חָאטְשִׁי עֶר אִיז נִיט דָער גְרוֹיסֶער לַמְדָן אוּנ דֶעסִין אָבֶּר וַויל עֶר אִיז זֵייעֶר אגומל חסד . אַגְרוֹסֶר מכנים אורח . אוּנ אַגְרוֹסֶר בעל צדקה אוּנ גִיט הַשְׁגָחָה אוֹיף תלמוד תורה אוּנ אוֹיף בִּיקוּר חוֹלים . לכן אִיז אַגְרוֹסֶר יוֹשֶׁר אַז מִיר זָאלִין אִים בֶּעווייזִין אוּנְזֶער דַאנְק בַּארֶקייט . אוּנ מִיט וָוס קֶענֶען מִיר אִים בֶּעווייזִין אוּנְזֶער דַאנְק בַּארֶקייט עֶר אִיז ב״ה אַגְרוֹסֶר עוֹשר אוּנ דַארְף אוּנְזֶערִם נִישְׁט ח״ו אַזוֹ קֶענִין מִיר נָאר מִיט אֵיין זַאךְ אִים בֶּעווייזִין אוּנְזֶער דַאנְק בַּארֶקייט אַז מִיר זָאלִין אִים גֶעבִּין דִיא מורנו אַזוֹ הָאט דִי גַאנְצִי גִמֵיינְדִי גְזָאגְט אַז דָער רב הָאט רֶעכְט אוּן אַז עֶס אִיז טַאקִי איושר דָאס מֶען זָאל אִים אוֹיף רוּפִין מורנו אַזוֹ הָאט דָער רב אֵיין בְּפָעהְל גְגֶעבִּין דֶעם חזן אַז עֶר זָאל דֶעם ר׳ שמעיה אוֹיף רוּפִין מורנו אכלל צוּ מנחה הָאט מֶען גְלֵיינְט אַזוֹ הָאט דֶער חזן אַהוֹיבֶען גִישְׁרֵיי גְטִיקְן יַעמוֹד מורנו ר׳ שמעיה בן מורנו ר׳ פרץ שלישי אַזוֹ הָאט דָער ר׳ שמעיה גְרוֹיס הנאה גְרַאט פוּן דָם כבוד וָוס מֶען הָט אִים צוּ גְטֵיילְט אוּנ הָאט דֶעם גַאנְצִין עוֹלם צוּ זִיךְ אַהֵיים פַאר בֶּעטִין אוֹיף אַשָׁלוֹשׁ סעודות אוּנ אִיטְלִיכֶר הָאט אִים גְזָאגְט מזל טוֹב מִיט דֶער מורנו אוּנ עֶס אִיז גִוֶוען אִין אָרְדוּנְג . דֶר רב

הָאט אָן זִינְטִיג אִין דֶר פְּרִיה צוּ הָאפִּין דֶער ר' שמעיה זָאל צוּ אִים קוּמֶען אוּנ זָאל אִים אָפּ גֶעבִּין זַיינֶע צֶעהְן דָאקַאטֶן וָואס עֶר הָאט אִים פַארשְׁפְּרָאכִין עֶס אִיז אָבֶער אַוֶועק גִינַאנְגֶין זִינְטִיג מָאנְטִיג אוּנְד זָא וַוייטֶער מִיט אֵיינִים וָוארְט דִיא גַאנְצֶע וָואכֶע אִיז פַר אִיבֶּר גִינַאנְגִין אוּן דֶער ר' שמעיה הָאט זִיךְ נִישְׁט אַמָאל גֶוויזִין פַר דֶעם רב אַזוֹ הָאט עֶס דֶעם רב זֵייעֶר פַּרְדְרָאסֶן מֶען זָאל אִים אַזוֹ אָפּ נַארֶן אוּנ דֶער ר' שמעיה הָאט זִיךְ קְלוּג מיישב גְוֶועזִין אמוֹרנוּ אִיז עֶר דָאךְ שׁוֹין וֶוער וֶועט אִים דֶען זַיין מוֹרנוּ אַוֶועק נֶעמִין אוּן צוּ וָואס זָאל עֶר גֶעבִּין דֶעם רב צֶעהְן רֶענְדְלִיךְ אוּנ הָאט זִיךְ גָאר נִישְׁט וִויסֶנְדִיג גְמַאכְט עֶר הָט זִיךְ גְטְרַאכְט דֶר רב וָועט אוודאי מֵיינִין אַז אִיךְ הָאבּ פַרְגֶעסִין אוּנ צוּ מָאהְנֶען וֶועט זִיךְ דֶר רב שֶׁעמֶען אַזוֹ וֶועט ממילא פוּן דֶער זַאךְ גָאר נִישְׁט וֶוערִין דֶר רב זָאל לֶעבִּין אִיז אָבֶר אוֹיךְ גָאר קֵיין נַאר נִישְׁט גִיוֶועזְן אוּנ הָאט פַרְשְׁטַאנִין דֶעם ר' שמעים אַלֶע גְדַאנְקִין. עֶר הָאט זִיךְ מיישב גִיוֶועזְן אוּנ הָאט דֶעם צְוֵויטִין שבת אוֹיךְ גִילָאזְט רוּפִין אִין שׁוּל אַז עֶר וִויל פַאר מנחה דַרְשִׁינִין אַזוֹ הָאט זִיךְ דֶר עוֹלם צַייטְלִיךְ צוּ זַאמֶען גְקוּמֶען אוּנ דֶר רב הָט אָן גְהוֹבִין צוּ זָאגִין הֶערְט נָאר רבוֹתי פָארִיגִין שבת הָאבּ אִיךְ גִדַרְשִׁינְט אוּנ הָאבּ בַּוויזִין אַז ר' שמעיה לַאקְרִיץ חָאטשֶׁי עֶר אִיז אַגְרָאבֶּער יוּנְג אִין דֶעסִין אָבֶר וַוייל עֶר אִיז עֶפִּים אַשְׁטִיקִיל גוֹמל חסד הָאט עֶר פַּרְדִינְט דִיא מוֹרנוּ אַזוֹ הָאבּ אִיךְ דִיא גַאנְצֶע וָואכֶע אַבִּיסְל טִיפֶער דַארִיבֶּר נָאךְ גֶערֶענְקְט הָאבּ אִיךְ אֵיין גְזֶעהְן אַז מֶען טוּט

אִים דַאמִיט אַגְרוֹסִי רָעָה וָוארִין נָאךְ זַיין טוֹיט וָועט מֶען
אִים אוֹיף יֶענִיר וֶועלְט אַרַיין זֶעצִין צְוִוישֶׁן דִיא מוֹרנוֹת
אוּנ דִי מוֹרנוֹת זֶענִין דָאךְ אַלֵי לוֹמדים אוּנ. וֶועלִין אוודאי
שְׁמִיסִין תּוֹרה אוּנ דָר ר׳ שמעיה לַאקְרִיץ אִיז דָאךְ אַגְרוֹסֶר
עם הארץ וֶועט עֶר זִיךְ נִישְׁט קֶענֶען אָן רוּפִין אפילוּ
אַוָוארְט וֶועט עֶר נָאךְ מבוּיָשׁ וֶוערִין לכן אִיז דָאךְ דָאס
אַגְרוֹסֶע עֲוָלָה. פַר וָואס זָאל אַיוּד דוּרְךְ אוּנְז אבוּשה
הָאבִּין לכן פָאלְגְט מִיךְ אוּנ גִיט אִים נֶעבִּיךְ צוּרִיק זַיין
חבר דֶר עוֹלם הָאט אַיין גֶעזֶעהְן אַז דֶער רבּי זָאל לֶעבִּין
הָט רֶעכְט לכן הָאט עֶר אַוִוינְק גְטִיהְן אוֹיף דֶעם חזן אַזוֹ
הָט דֶר חזן גֶגֶעבִּין אַגְרוֹסִין גְשְׁרֵיי יעמוֹד חבר ר׳ שמעיה
בּן חבר ר׳ פּרץ אִיז גִיוָוארִין אִין דֶר גַאנְצֶר שׁוּל אַגְרוֹיס
גֶלֶעכְטֶער אוּנ דֶער ר׳ שמַעיה הָאט שִׁיעוּר דֶעם שְׁלַאק
בַּקוּמֶען פַר בּוּשה אוּנ הָט שׁוֹין פַרְשְׁטַאנִין פַר וָואס דֶער
רב הָאט אִים דִיזֶען שְׁטְרֵייךְ גְשְׁפִּילְט וַוייל עֶר הָאט אִים
נִישְׁט אָפּ גְגֶעבִּין דִי צֶעהְן דוּקַאטֶן וָוס עֶר הָאט אִים פַר
שְׁפְּרָאכִין אַזוֹ הָאט עֶר זִינְטִיג אִין דֶר פְּרִיה גְשְׁוִוינְד
גְחַאפְּט צֶעהְן דוּקַאטֶן אוּנ אִיז אַרִיבָּר גְלָאפִּין צוּם רב אוּנ
זָאגְט צוּם רב. רבִּי פָאר וָואס הָאט אִיר מִיר גֶעבְּטִין
גְמַאכְט אַזוֹ אַיין בּוּשה. אמצוה אוֹיף דִיר דוּא גְרָאבְּיַאן.
דוּא ווִירְסְט דָם ארב אָפּ נַארִין. אוּנ אִיהְם אוּמְזוּנְסְט
מטריח זַיין עֶר זָאל טְרַאכְטִין פוּן דֵיינִיט וֶועגִין דרשׁוֹת
מַארְשׁ דוּ גְרָאבְּיַאן. רבּי לֶעבּ זֵייטְשֶׁע נִישְׁט בֵּייז אִיךְ וִויל
אַייךְ חס ושׁלוֹם נִישְׁט אָפּ נַארִין אָט הָאבּ אִיךְ אַייךְ שׁוֹין
גְבְּרַאכְט דִי צֶעהְן רֶענְדְלִיךְ. נֵיין דוּא גְרָאבְּיַאן פִּיפְצֶעהְן

מוזטו דוא אנידר לייגן אכלל דר ר' שמעיה האט גמוזט
טויטרהייט אנידר לייגן פיפצעהן רענדליך אזו זאגט דער
רב צו אים גייט אהיים עס וועט שוין זיין רעכט ווי עס
איז נקומען שבת דם הייסט שוין דר דריטר שבת אזו
האט דער רב ווידר גרופין אין שוהל אז ער וויל דרשינין
אזו האט זיך דער עולם ווידר צייטליך פאר זאמילט אזו
האט דער רב גזאגט רבותי פר צוויי שבתים האב איך
גדארשינט אונ האב גוויזין אז דר ר' שמעיה זאל לעבין
חאטשי ער איז נישט דר גרוסר למדן אונ דעסען אבר
וייל ער איז דר גרויסער גומל חסד פרדינט ער דיא
מורנו פאריגין שבת האב איך גזאגט אז איך האב מורא
אז ער וועט אויף יעניר וועלט האבין אבושה ווען מען
וועט אים אריין זעצין צווישן די מורנות וום שמוסין תורה
אונ ער וועט זיך נישט קענען אן רופין אזו זאג איך
היצטער דאס איך האב דיזע וואכע נאך טיפער נאך
גדענקט אזו האב איך איין גזעהן אז מען זאל די מורנו
בייא אים טאקי פארט נישט אוועק נעמין אז אויף יעניר
וועלט איז נישט קשה עס איז דא אסך מורנות עם
הארצים אזו וועלין זייא זיך מאכין אבזונדער טישעל
אויף יענער וועלט אזו וועלין זייא פר שפארין מבויש
צו ווערין :

## דעם רונדארס תחנה

פַאר לַאנְגֶי צַייטִין אִיז גִיוֶוען דֶר מנהג. אַז דִיא רוּנְדַארְס וָואס הָאבִּין גִיהֶערְט צוּ יֶעדִין שְׁטֶעטִיל הָאבִּין גְמוּזְט בַּצָאלִין דִי גַאנְצִי שְׁטֵייעֶר וָואס אוּף דעם שְׁטֶעטִיל אִיז גִיוֶוען אוֹיף עֶרְלֶעגְט. אוּנ זֵייא הָאבִּין גִיהַאט אַגוּטֶע רוּט אוֹיף דִיא רוּנְדַארְס אַז אֵיין רוּנְדַאר הָאט זִיךְ וִוידֶער זָעצְט אוּנ הָט נִישְׁט גִיוָואלְט אַזוֹ פוּל גֶעבִּין וִוי פוּל קהל הָאט אִים גִישְׁטֶעלְט הָאט אִים קהל גִישִׁיקְט רוּפִין אוּנ קהלס משרתים הָאבִּין אִים שׁוֹין גִבְּרַאכְט. אוּנ מֶען הָאט אִים פַר הֶערְט תַּחֲנָה גֶעגֶנְוֶוערְטִיג אַלֶע מֶענְטְשִׁין פוּן דעם קְלֵיינֶם שְׁטֶעטִיל אִיז עֶר דָאךְ מִן הסתם מבויש גִיוָוארִין וָוארִין קֵיין אֵיינְצִיגֶער רוּנְדַאר קֶען נִיט אוֹיסְנְוֵיינִיג תחנה. וַוייל בְּשעת עֶר פַאלְט תחנה לִיגְט עֶר דָאךְ מִיט דעם פָּנים אוֹיף דֶר הַאנְד אוּנ קֶען נִישְׁט קוּקִין אִין סִידֶערִיל אַרֵיין אִיבֶּער דעם קֶען עֶר דָאס נִיט אוֹיסֶנְוֵיינִיג אוּנ פַר אַזוֹ אֵיין בּוּשה הָט שׁוֹין דֶר רוּנְדַאר גֶעגֶעבִּין וִויפִיל מֶען הָאט פוּן אִים פֶערְלַאנְגְט אַבִּי מֶען זָאל אִים נִישְׁט פַרְשֶׁעמִין. אֵיין רוּנְדַאר אִיז אָבֶּער גִיוֶוען אַקְלִיגֶער אוּנ הָט זִיךְ אַהֵיים גְנוּמֶען אַמְלַמֵד גָאר עֶפִּים פוּן אַפְּרֶעמְד שְׁטֶעטִיל אוּנ דֶר מלמד הָאט מִיט אִים גִילֶערִינְט תחנה אוֹסְנְוֵיינִיג אַזוֹ לַאנְג בִּיז דֶער רוּנְדַאר הָאט שׁוֹין גִיקֶענְט זָאגִין דִיא גַאנְצִי תחנה אוֹיסְנְוֵיינִיג אַזוֹ וִויא אַוַואסֶר אוּנ דָאס אִיז אַלְץ גִיוֶוען בְּסוֹד. קהל הָאט גָאר פוּן דעם אַלֶעם נִישְׁט גְוִויסְט דֶר וַוייל אִיז עֶפִּים אוֹיס גְקוּמֶען מֶען הָאט אוֹיף

דָעם שְׁטֶעטִיל אוֹיף גִילֵייגְט זֵייעֶר פוּל שְׁטֵייעֶר . דָאט קהל גִישִׁיקְט צוּ אוּנְזֶר רוּנְדַאר עֶר זָאל גֶעבִּין אַזוֹ אוּנ אַזוֹ פוּל. דָער רוּנְדַאר הָאט זִיךְ גָאר גִיט וְויסִינְדִיג גִימַאכְט אוּנ הָאט זֵיי גָאר נִיט גִיעֶנְפֶרְט הָט דָם קהל זֶעהְר פַּרְדְרָאסִין אוּנ הָאבִּין אִים גִישִׁיקְט זָאגִין אַז עֶר וֶועט נִישְׁט גֶעבִּין אַזוֹ פוּל וְויפִיל מֶען הָאט פוּן אִים פֶערְלַאנְגְט וֶועט מֶען אִים פַאר הֶערִין תחנה עֶפֶּנְטְלִיךְ . לכן זָאל עֶר זִיךְ דָאס נִישְׁט הַאלְטִין פַּר גְרִינְג אוּנ זָאל אָפּ בְּרֶענְגִין דִי שְׁטֵייעֶר אָן אַשׁוּם תֵּירֶץ . דָער רוּנְדַאר הָאט אָבֶּר וֵוייטֶער נִישְׁט גִיהֶערְט אוּנ הָאט זֵיי גָאר נִישְׁט גִיעֶנְפֶּרְט אִיז קהל זֵייעֶר בֵּייז גְוָוארִין אוּנ דָאס אִיז גִיוֶועז אוּם וְוינְטֶער זֶענֶען זֵייא גִיגַאנְגֶן אוּנ הָאבִּין אוֹיס גִיקְלִיבִּין אֵיין אַלְטִין קהלס משרת אַהוֹבִין מִיט אַגְרוֹסִין לַאפְּמִיץ . אוּנ מִיט אַגְרָאבִּין פֶּעלְץ . אוּנ מִיט אַפָּאר חַלִיצָה שִׁיעֶךְ . אוּנ דַאצוּ הָאט עֶר נָאךְ גִירֶעט מִיט אֵיין אַלְט קוֹל אַזוֹ וְויא אַבַּאס . אוּנ דָהט אִים גִישִׁיקְט צוּ דָעם רוּנְדַאר אִין אַגְרוֹסֶע זַאוְוירְכִי . אוּנ הָאט אִים אָן גִיזָאגְט אַז עֶר זָאל אָפּ פַּאסִין אַרֵיין צוּ קוּמֶען צוּ דָעם רוּנְדַאר צְווִישִׁין טָאג אוּנ נַאכְט אֵיידֶר מֶען צִינְט אָן אַלֶעכְט אוּנ עֶר זָאל אַרֵיין קוּמֶען מִיט אַפִילִין לַאפְּמִיץ מִיט שְׁנֵייא אוּנ אִין גַאנְצִין בַּדֶעקְט מִיט שְׁנֵייא כדי עֶר זָאל אַפְּנִים הָאבִּין וְויא אגיהנם שמש אָדֶר וְויא דֶר מלאךְ דוּמה . אוּנ זָאל זָאגִין צוּ דָעם רוּנְדַאר אוֹיף אַגְרָאבּ קוֹל ר׳ יענקיל קוּמְט . קהל הָט גִישִׁיקְט צוּ אֵייךְ אַז אִיר זָאלְט תֵיכֶף קוּמֶען מִיט מִיר אַהִין . וָוארִין גַאנְץ קהל אוּנ דָם גַאנְצֶע שְׁטֶעטְיל וַוארְטִין שׁוֹין אוֹיף אֵייךְ מֶען וְויל אֵייךְ

פַר הָערִין תחנה און דֶר אַלְטֶר קהלס משרת אִיז טַאקִי אַזוֹ · צוּ דֶם רוּנְדַאר אַרֵיין גְקוּמֶען אַקָאַראט . אַזוֹ וִוי קהל הָאט אִים אָן גְיזָאגְט הָאט זִיךְ דֶער רוּנְדַאר קְלָאמְפֶּערְשְׁט דֶרְשְׁרָאקִין אוּנ הָאט זֵייעֶר גִיבֶּעטִין דֶעם קהלס משרת עֶר זָאל אִים וֶועניגְסְטִינְס וַוארְטִין בִּיז אִין דֶר פְּרִיה . אוּנ הָט אִים גִילָאזְט מַאכִין אַגוּטֶע וֶועטְשֶׁערִי אַגְרוֹסִין בָּארְשְׁט מִיט קְנָאבִּיל אוּנ אַשִׁיסִיל קְרוֹיט . אוּנ הָט אִים אוֹיס גִיבֶּעט נֶעבִּין אוֹיבִין אוּנ דֶער אַלְטֶר קהלס משרת הָאט אוֹיף גְהָאנְגִין זֵיין לַאפְּמִיץ מִיט זֵיינֶע גְרוֹסִי חַלִיצָה שִׁיעָךְ אוֹבִין אוֹיף דֶעם וֶוערְךְ פְּיֶעטְץ כדי דָם זָאל זִיךְ אוֹיס טְרִיקֶענִין אוּנ נָאךְ דֶעם אַז עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין זֵייעֶר גוּט אָן גִיגֶעסִין אוּן אָן גֶעזִיפְּט מִיט דֶם בָּארְשְׁט אוּנ מִיט דֶעם קְרוֹיט הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶר גִילֵייגְט שְׁלָאפִין אוֹיף דֶער בַּאנְק וָוס שְׁטֵייט פָּארִין אֵיבִין אוּנ אִיז זֵייעֶר שְׁטַארְק אַנְטְשְׁלָאפִין גְיוָוארִין אַזוֹ וִויא אַטוֹיטֶער אִיז דֶר וֵוייל דֶער רוּנְדַאר גִילָאפִין צוּם קָאמִיסַר פוּן דֶעם דָארְף וָואס עֶר לֶעבְּט מִיט אִים גוּט אוּנ זֵייעֶר פֶּערְטְרוֹיֶעט אוּנ הָאט אִים בַּשְׁטֶעלְט אַז עֶר זָאל זֵייגֶער 3 בֵּיי נַאכְט קוּמֶען צוּ אִים אִין קְרֶעטְשְׁמִי אַרֵיין אוֹיף אַרֶווִיזֶע צוּ זוּכִין פְּרֶעמְדֶע מֶענְטְשִׁין וָואס הָאבִּין נִישְׁט קֵיין פֶּעסַר אכלל זֵייגֶער 3 בֵּייא נַאכְט הֶערְט מֶען פְּלִיצִים שְׁטַארְק קְלַאפִּין אִין דִיא פֶענְסְטֶער אוּנ מֶען עֶפִינְט נָאר אוֹיף קוּמְט אַרֵיין דֶער קָאמִיסַר מִיט אַגַאנְצִי גְרָאמַדִי גוֹיִם אוּנ זוּכִין אוּנ נוּשְׁטֶרִין אִין אַלֶע ווִינְקֶעלֶעךְ אוּנ דֶער אַלְטֶר קהלס משרת אִיז גִילֶעגִין צוּ זאמִין גְיקְנֵייטְשְׁט אוּנְטֶער זֵיין פֶּעלְץ הָאט מֶען

גימיינט אַדישקי ברויט שטייט ביים אויבין דער נאך איז גינאַנגין אַבוויער, אונ האט אַקלאפּ געטיהן מיט דם שטאק אין פעלץ אַריין האט זיך דער אַלטער אויף גיחאַפּט אַזו ווי איין פערברייטר . אונ האט זיך זייער דר שראַקין אונ האט קוים פערשטאַנין וואס דער קאָמיסר האט צו אים גישפּראָכין אַזו האט ער נאָר גיפרעגט דעם רונדאַר זאגט מיר נאָר ר׳ יעקיל לעב וואס וויל דר ערל פון מיר האבין . ער פרעגט אייך אויף אַבתיבה דם הייסט אויף אַפּאַם האט איר דען אַפּאַם. אוי וויי איז מיר איך האב דאך ניט קיין פּאַם . איך בעט אייך זייער ר׳ יעקיל לעב זאגט אים אַז איך בין איין ערליכער מאַן אונ איר קענט מיך. איך האב אים שוין גיזאגט ענפּערט דר רונדאַר וואס העלפט דאס אָבר איך האב ביי אים גאָר קיין דעה נישט. וואס דען וויל דער ערל פון מיר האבין פרעגט געבעך דר אַלטער מיט גרוים שרעקין. ער וויל אייך מאַקלין . ענפּערט דער רונדאַר. אוי וויי איז מיר אום גאָטס ווילין ר׳ יעקיל לעב זאגט אים אַז איך בין איין אַלטער מאַן אונ איך קען נישט אויס האַלטין קיין מאַקלין. איך האב אים שוין גיזאגט דעם ערל ער הערט מיך אָבר נישט ער וויל אייך נאָר מאַקלין . אוי וויי איז מיר למען השם ר׳ יעקיל לעב פּוילט חאַטשי בייא אים אַז איר זאלט מיך מאַקלין . איר וועט מיך פּאַרט שלאָגין מיט רחמנות . איך האב שוין גיפּוילט ענפּערט דער רונדאַר אונ איך וועל אייך מאַקלין . אכלל מען האט צו צוויגין דעם אַלטין אויף איין באַנק אונ איין בוייער איז גיזעסין אויף דעם קאפּ אונ איינער אויף דיא

פוס אונ דער רונְדאר האט גנומען אגוטין ראפְניק אונ האט אן גיהובין צו זאגין אוסגְוויינִיג תחנה . אונ ביי יעדען ווארט פון דר תחנה האט ער דעם אַלְטִין גיגעבין אשְנאר מִיט דעם ראפְנִיק דער אַלְטער האט גישְׁרִיגין גוואלְט . אונ דעסין האט ער פארט גיהערט אין איין וועגם וויא דער רונְדאר קען תחנה אוסגְוויינִיג וויא עס איז גקומען צו ואנחנו לא נדע זאגט דער אַלְטער צום רונדאר איך בעט אייך ר׳ יעקיל לעב לאזט מיך שוין גימאך איך פרהער דעך נאר ביז ואנחנו . אזו האט שוין דר רונְדאר אויף אים רחמנות גיהאט אונ האט אים אפ גילאזט איז ער אין דער פְרִיה אהיים גינאנגען מיט אגישוואלענים אחור פר שְׁטייסטו מעך . אזו האט אים קהל גיפרעגט וואס הערט זיך עפים מיט יעקיל רונְדאר האט דער אַלְטר גזאגט צו קהל חלעבין איר האט גאר אטעות. גיהאט יעקיל זערוויקער קען גאנץ תחנה אוסגְוויינִיג אזו וויא אוואסר אזו האט אים קהל ניט גיוואלט גליבין אזו האט ער זיך אוים גטיהן ביז צום הוילן לייב אונ האט גוויזן פאר גאנץ קהל וויא דעם רונדארס תחנה שטייט אויף גשריבין אים גאנצין ווארט פאר ווארט . טאקי אויף דם רעכְטִין ארט ווי ער הט אים גימאקילט :

———

# ר׳ ישעיה גארגיל

עס איז אמאל געוועזן אחסידיל, ער האט געהייסן ר׳ ישעיה גארגיל פאר וואס ער האט אזוי געהייסן האט מען נישט געוויסט איך האב מיך מיישב געוועזן איך מוז ערפארן פאר וואס מען רופט אים אזוי אכלל איך האב אים געשיקט רופין און האב אים געגעבין אגוטין שנאפס אזוי האט ער מיר דערציילט דיא גאנצי מעשה פון וואנין עס איז ארוים געקומען וואס מען רופט אים אצו נאמען גארגיל. הערט צו מיינע ליבע לעזער. דיא מעשה איז אחידוש נפלא וואס עס קען זיך אלס אויף דר וועלט ער אייגינין. די מעשה איז אזוי געוועזן דער ר׳ ישעיה איז געוועזן אגראסער ארומאן. דאס ער איז נישט אמאל אים שטאנד ער זאל מפרנס זיין זיינע ווייב און קינדר מיט לחם צר ומים לחץ דר וויל האט ער אמאל אום דאנערשטיג זיין ווייב אהיים געבראכט איין האלבין גילדן מינץ זיא זאל איין קופין אויף שבת איז זיא נעבעך געוועזן זייער אין אגראסער פערלעגענהייט זיא האט נישט געוויסט וואס מען טוט פריר פאר דעם האלבין ריינישׂ צו ברויט און חלה. צו פיש און פלייש לכבוד שבת און לעכט מוז מען דאך אויך האבין און אבינטעל האלץ האט זיא קודם געקויפט צוויא קליינע פלאטיטשקאלך פר פיר נייא גרייצער אזוי האט זיא שוין גיהאט פיש אוף שבת און וועגין פלייש האט זיא געקויפט פאר זעקס נייא גרייצער אנארגיל אבי לכבוד שבת און פר דעם איבריגין געלד האט זיא געקויפט חלה און ברויט

אויף האט זיא גקויפט צווייא לעכט לכבוד שבת אונ
אקליין בינטעל האלץ פר דריטהאלבן נייא גרייצער וויא
עס איז גקומען פרייטיג אונ זיא האט אן גלייגט אפייער
אונ הט זיך געשטעלט קאכן דעם גארגיל אונ דר גארגיל
איז שוין אביסיל פרטיג גיוועזן איז איר זייער איבר גיגאנגין
דס הארץ ווארין זיא האט נעבעך אגאנצע וואך נישט
פרזיכט אפיציל פלייש דס אנדערי זיא זאל מיר מוחל זיין
זיא איז טאקי גיוועזן אשטיקיל נאשערין איז זיא גיגאנגען
אונ האט אלע מאל אפ גריסין ארינגעלע פון דם גארגיל
אונ האט אויך גגעסין זיא האט זיך גיטראכט בייא זיך
ווייסט ער דען וויפיל רינגעלך עס דארף זיין אין אגארגיל
אכלל זיא האט שוין אזו פול רינגעלך אראפ גנומען אז
זיא האט שוין מורא גהאט ער וועט אוודאי דר קענען
אז זיא האט גנאשט פון דעם גארגיל אונ האט גיהאט
גרויס עגמת נפש אין מיטן האט זיא זיך מיישב גיוועזן
אלץ איינס וועט ער איר שוין מאכן אשווארצין סוף אונ
האט אויך אויף גגעסין דאס איבריגע שטיקיל גארגיל דער
וייל פרייטיג צו נאכט קומט זיך אהיים דער ר' ישעיה
אונ האט זיך נאך מיט גיבראכט איין אורח אויף שבת
ווארין ער האט דאך בייא זיך גוויסט אז ער הט גגעבין
זיין וייב פיפציג נייא גרייצער אויף שבת וויא זיין וייב
האט דר זעהן דעם אורח איז איר גווארין פינצטער אין
די אוגין זי האט גאר נישט גוויסט וואס זיא זאל טוהן
דר גארגיל איז שוין נישטא אונ היינט וואס גוט מען דא
אויף אויף דעם טעלער איז זיא גפאלין אויף אשכל אונ

חַאפְּט זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט אוּנְטֶערִין אוֹבִין אוּנ טוּט אִים אוֹיךְ
אַרוּף שְׁטִילֶערְהֵייט אוּנְטֶער דֶעם אוֹבִין אוּנ זִפְרֶעגְט אִים בְּסוֹד
אוֹיבּ עֶר הָאט עֶפִּיס אוֹיס גְשַׁארְפְט אַמֶעסֶער לִכְבוֹד שַׁבָּת
זָאגְט עֶר גֵיין חֲלֶעבִּין אִיךְ הָאבּ נָאר פַּרְגֶעסֶן אַזוֹ הֵייבְּט
זִיא אָן צוּ קְרִיצֶן אוֹיף אִים מִיט דִי צֵיין אוּנ זָאגְט צוּ
אִים שְׁטִילֶערְהֵייט אָבֶּר מִיט גְרוֹיס כַּעַס אָשְׁוֶוע דִיר אַשְׁוַוארְץ
יָאהְר וָואס וֶועט מֶען הֵיינְט טוּהְן אָן אַמֶעסֶער וָוס וֶועט
מֶען דֶרעְן בֶּרֶעכִין דֶם קוּילִיטְשׁ אַזוֹ וִויא בֵּייא דִיא גוֹיִם
גֶשְׁווִינְד חַאפּ דִיךְ אַרֵיין אִין קַאמֶער אַרֵיין אוּנ שַׁארְף
אוֹיס דִי קְלוּנְג אִין דֶר שְׁוָועל פוּן דֶער טִיהְר דֶער אוֹרח
וֶועט דֶר וַוייל זָאגִין שלום עליכם אוּנ אתקינו סעודתא
אִיז עֶר זֵייעֶר אִיבֶּר רַאשְׁט גִיוָוארָן אוּנ הָאט גְחַאפְּט דִי
קְלוּנְג אוּנ אִיז אַרֵיין גְלָאפִין אִין קַאמֶער אַרֵיין אוּנ הָאט
גִישַׁארְפְט דִי קְלוּנְג אִין דֶר שְׁוָועל פוּן דֶר טִיהְר וִויא עֶר
אִיז נָאר אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען פוּן דֶר שְׁטוּבּ זָאגְט זִיא צוּ דֶעם
אוֹרח מֵיין לִיבֶּר יוּד אִיר זֶענְט יֶעצְט אִין אַגְרוֹסֶר סכנה
אִיר זָאלְט וִויסֶן אַז עֶר אִיז ארוֹצח עֶר הָאט אֵייךְ נָאר פַּר
נַארְט עֶר וִויל אֵייךְ נֶעמֶען דֶם גָארְגִיל אפשר ווִילְט אִיר
מִיר נִישְׁט גְלֵייבִּין גֵייט צוּ שְׁטִילְרְהֵייט צוּ דֶער קַאמֶער
טִיהְר אוּנ הֶערְט אוּנְטֶר וֶועט אִיר הֶערִין אַז עֶר שַׁארְפְט
שׁוֹין אַמֶעסֶער פוּן אֵייעֶרְט וֶועגִין אַזוֹ אִיז דֶער אורח צוּ
גְגַאנְגֶן צוּ דֶר קַאמֶער טִיהְר אוּנ הָאט נָאר דֶר הֶערְט וִוי עֶר
שַׁארְפְט דֶם מֶעסֶער אָהָא דֶער א״רח הָאט גִיחַאפְּט דִי
פוּס אוֹיף דִי פְּלֵייצִים אוּנ הָט גְמַאכְט פְּלֵיטָה דָם הֵייסְט
עֶר אִיז אַנְטְלָאפֶן גִיוָוארִין וִויא זִיא הָט נָאר דֶר זֶעהְן אַז

דָער אורח הָאט קוים אַפּוּם אַרוּים גִישְׁטָעלְט צוּ אַנְטְלוֹפֶן
חַאפְּט זִיא זִיךְ צוּ צוּ דָער קַאמֶער אוּנ שְׁרֵייט צוּ אִים
אַרֵיין וִויא גְפֶעלְט דִיר נָאר דֵיין אוֹרח עֶר אִיז דֶערךְ אַנְטְלָאפֶּן
מִיט דָעם גָארְגִיל לוֹיף אִים נָאךְ גְשְׁווִינְד אַזוֹ אִיז עֶר אִים
גְשְׁווִינְד נָאךְ גִיכָאפֶּן מִיט דֶער קְלוּנְג אִין דֶער הַאנְד יוּד
יוּד גוּט אַהֶער דֶעם גָארְגִיל אוּנ דָער יוּד הָאט גִישְׁרִיגֶן
גִיוַואלְט ארוצחֿ לוֹפְט אִים נָאךְ אוּנ וִויל אִים הַרְגִינֶען אִיז
גִיוָוארִין אַגְרוֹסֶר רַעַשׁ אִין דֶער גַאס זֵייט דֶעמִילְט רוּפְט
מֶען דָם חָסִידִיל ר׳ ישעיה גָארְגִיל.

---

## דער קלוגער פאטער

עֶס אִיז אַמָאל גִיוֶועזִין אַגְרוֹסֶער עוֹשֶׁר עֶר הָט
גְהַאט זֵיין אֵייגִינֶם אפשר אַמִילְיָאן גִילְדָן מִינְץ אוּן עֶר
הָט גְהַאט אַבַּת יְחִידָה דָם הֵייסְט אֵיין אֵיינְצִיגִי טָאכְטֶער
אוֹךְ אַגְרוֹסִי נְגִידָה דָר וֵוייל וִויא דִיזֶער עוֹשֶׁר אִיז שׁוֹין
זֵייעֶר אַלְט גְוָוארִין אוּנ הָאט שׁוֹין קֵיין כח נִישְׁט גִיהַאט
גְשֶׁעפְטִין צוּ מַאכִין הָאט עֶר גִישִׁיקְט רוּפִין זֵיין טָאכְטֶער
אוּנ הָאט צוּ אִיר אַזוֹ גְזָאגְט הֶער נָאר אוֹיס מֵיינִי טֵייעֶרִי
טָאכְטֶער אִיךְ בִּין שׁוֹין זֵייעֶר אַלְט אוּנ הָאבּ נִישְׁט מֶעהְר
קֵיין כח גִישֶׁעפְטִן צוּ מַאכִין אִיז מִיר אֵיינְגֶעפַאלִין אִיךְ זָאל
אִיבֶּר גֶעבִּין דִי יְרוּשָׁה בֵּייא מֵיין לֶעבִּין אוּנ אִיךְ הָאפְּפֶע

דָאס דוּא װעֶסְט מִיךְ שׁוֹין נִישְׁט לָאזִין אוֹיס הוּנְגָערן װייל אִיךְ װָעל לֶעבִּין אוּן דִיא עֶטְלִיכֶע יָאר װָאס אִיז מִיר נָאךְ בַּשֶׁערְט צוּ לֶעבִּין. װָעל אִיךְ מִיר בֵּייא דִיר אָפּ לֶעבִּין במנוּחה. װיא זָאגְסְטוּ מֵיין טֵייעֶרִי טָאכְטֶער. װָס הָאסְטוּ דָא צוּ שְׁמִיסִין טַאטִי לֶעבּ גְלֵייבּ מִיר דוּא זָאלְסְט גִיװֶעזִין זַיין אוֹיף דְעם הִימֶל הָאסְטוּ דִיר נִישְׁט גִידַארְפְט בְּעֶטֶרם אוֹיס צוּ בֶּעטִין השׁ״י זָאל דִיר הֶעלְפִין דוּא זָאלְסְט נָאךְ דֶר לֶעבִּין ביאת משיח. אכלל טַאטֶע לֶעבּ זייא נִישְׁט בֶּעזָארְגְט זֶעץ דִיךְ צוּ רוּה אוּנ אִיךְ װֶעל שׁוֹין טְרַאכְטִין אַז דוּ זָאלְסְט אַזוֹ גוּט הָאבִּין װיא דוּ װִינְשְׁט דִיר אַלֵיין.
דָער אַלְטָער הָאט גְרוֹיס פֶּערְגְנִיגֶן גִיהַאט פוּן דֶער פֶּערְזִיכֶערוּנְג זַיינֶער טָאכְטֶער אוּנ הָאט אַרוֹיס גֶנוּמֶען אַפַּאק נָאטִין כמעט זַיין גַאנְץ עַשִׁירוּת. אוּנ הָאט דָאס אִיבֶּר גִיגֶעבִּין זַיינֶער גֶעטְרֵייעֶר טָאכְטֶער. אוּנ הָאט אִיר גֶעװִינְשֶׁן גְלִיק דַאצוּ. הָאט זִיא אִים גֶעקוּשְׁט דִיא הַאנְד אוּנ הָאט אִים גֶעװִינְשֶׁן אַגוּטֶע עֶלְטָער אוּנ הָאט אִים רִיכְטִיג צוּ זִיךְ גֶנוּמֶען הָאט אִים אָפּ גִיגֶעבִּין שֵׁיינֶע מֶעבְּלִירְטֶע צִימֶערִין. אוּנ מִיט דֶר בֶּעסְטֶר בֶּעדִינוּנְג. אוּנ הָאט אַבַּפֶעל גִיגֶעבְּן אוֹיף דֶר דִינֶר שַׁאפְט דָאס זייא זָאלִין פַר אִים צִיטֶערְן אַזוֹ װיא פַר אַמַלְכוּת. אכלל דֶער װָאר הֶעכְּסְט צוּ פְרִידִין. אוּנ עֶר הָאט װִירְקְלֶךְ אַזוֹ גוּט גִיהַאט װיא אַזוֹ עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין גֶעװִינְשְׁן. װיא עֶס אִיז אָבֶּר אַװעֶק גִיגַאנְגֶען אֵיינֶע לַאנְגִי צֵייט הָאט זִיךְ דִיא טָאכְטֶער מיישב גִיװֶען אַז דֶר טַאטֶע װֶעט טַאקִי דוּרְךְ

אויס אַזוֹ גוט הָאבּין וועט עֶר דֶעךְ טַאקי דר לֶעבּין משיח. אוּנ דֶר וֵוייל מַאכְט עֶר קַאלֶע אַלֶע וָואךְ פוּן 10 בִּיז 15 רֵיינִיש. חֶלְעבִּין אֵיין עבירה זי הָאט אָבֶּר דָם נִישְׁט אַרוֹיס גִיזָאגְט נָאר זִיא הָאט עֶם גִידַאלְטָן אִין די גְדַאנְקֶען אוּנ אִיז גִיוָוארִין קַאלְט גֶעגִין דֶעם אַלְטִין. די דִינֶער שַׁאפְט הָאבִּין דָאם גְלֵייךְ גְמֶערְקְט. הָאבִּין זֵייא שׁוֹין אָן גִיהוֹיבֶּן צוּ בֶּהַאנְדְלִין דֶם אַלְטִין מִיט דֶר גְרֶעסְטֶר גְלֵייכְגִילְטִיקַייט אוּנְד נַאכְלֶעסִיגְקַייט אוּנ הָאבִּין נָאךְ אָן גִיהוֹבִּין אוֹיף דֶעם אַלְטִין ארוֹיף צוּ לֵייגֶען כל הצרות. פְּלִיצִים אִיז גִיוֶועזִין אוֹיף דֶעם בְּרוּק עֶפִּים אוּמְרִיין הָאבֶּן דִיא דִינֶער שַׁאפְט גִיזָאגְט וֶוער אִיז שׁוּלְדִיג אַז עֶר וַואשְׁט זִיךְ אַלֶע מָאל מַאכְט עֶר אָן אַנֶעטְץ עֶר שְׁפֵּייט אוּנ הוּסְט אוּנ בַּשְׁמוּצְט אַלֶעס. אוּנ זִיא הָאט דָאם אַזוֹ פַּרְנוּמֶען אוּנ הָאט גָאר גִישְׁוִויגֶן. אכלל דֶער אַלְטֶער הָאט שׁוֹין זֵייעֶר שְׁלֶעכְט גִידַאט בַּייא זֵיינֶער טָאכְטֶער אוּנ הָאט שׁוֹין אָן גִיהוֹבִּין חרטה צוּ הָאבִּין פַר וָואס עֶר הָאט זִיךְ אוּם גַאנְצִין אִיבֶּר גִיגֶעבִּין צוּ זֵיין טָאכְטֶער נָאר עֶס אִיז שׁוֹין גִיוֶועזֶן פַאר פַאלְן. דֶער אַלְטֶר אִיז אָבֶּר דָאךְ קֵיין נַאר נִישְׁט גִיוֶועזֶן אוּנ אִיז אַמָאל גִיגַאנְגֶען צְוִוישֶׁן טָאג אוּנ נַאכְט אוּנ הָאט גִילָאזְט אַרוֹיף טְרָאגִין אַשְׁוֶוערִין קִיפֶערְט מִיט זֶעהְר פוּל משא בֶּעלָאדִין קְלַאמְפֶּערְשְׁט עֶפִּים וִויא אִין גִיהַיים אוּנ הָאט גִיהֵייסֶן דִיא טְרֶעגֶערְס וָואס הָאבִּין דֶעם קִיפֶערְט אַרוֹף גִבְּרַאכְט אַז זֵייא זָאלִין דֶעם קִיפֶערְט אַנִידֶר שְׁטֶעלִין אִין זֵיין שְׁלָאפְצִימֶר אִיבֶּר גִדֶעקְט מִיט אַקַאטְץ אוּנ הָט דִיא טְרֶעגֶרְס גֶעצָאלְט פַר זֵייעֶר טרחה. אַזוֹ זָענֶען זֵייא

אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אוֹיף דָער נַאכְט אִיז דִיא נגידה אַהֵיים גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם גִיוֶועלְבּ אַזוֹ רוּמְט אִיר דִי קֶעכִין אֵיין אִין דִיא אוֹירֶען אוּנ דֶר צֵיילְט אִיר עֶפִּיס אֵיינֶע גַאנְצֶע מעשׂה. וִויא גִיפֶעלְט עֶם אֵייךְ פְּרוֹיא. זָאגְט צוּ אִיר דִיא קֶעכִין דֶר אַלְטֶער אִיז אוודאי אַהֵיים גֶעקוּמֶען פַר נַאכְט אוּנ אפשׂר 10 טְרֶעגֶערְס הָאבִּין מִיט דֶעם גְרֶעסְטִין שְׁוֵויים קוֹים גֶעדְזְוִויגֶעט אַגְרוֹסִין קִיפֶערְט אַשְׁוֶוערִין אוּנ הָאט אִים גַאנְץ אוּנ גִיהֵיים אַנִידֶר גִישְׁטֶעלְט דָארְט בֵּייא זִיךְ אִין שְׁלָאפְצִימֶער. וִוִיא דִיא נגידה הָאט דָם דֶר הֶערְט הָאט זִיא זִיךְ משער גִיוֶועזֶען אִין דֶעם קִיפֶערְט מוּז אוודאי לִיגֶען אַגַאנְצִי פוֹטִיקִי. לכן מוּז מֶען אָן הֵייבֶּען מִיט דֶעם אַלְטֶען טַאטֶען וִוידֶר צֶערְטְלִיךְ צוּ לֶעבִּין וָוארִין מֶען מוּז בֵּייא אִים אוֹיךְ דֶעם קִיפֶערְט אוֹיס נַארִין אַזוֹ אִיז זִיא דָם אַנְדֶערִין טָאג אִין דֶער פְרִיה אַרֵיין גֶעקוּמֶען צוּם טַאטִינָא מִיט אַשְׁמֵייכֶעלְדִיג פֶּענוּמִיל גוּט מָארְגִין דִיר טַאטִי לֶעבּ. וָואס מַאכְסְטוּ גוּטְץ הָאסְטוּ עֶפִּיס גִיט גִשְׁלָאפִין יָא. אִיךְ דַאנְקֶע זֶעהְר לִיבֶּם קִינְד. הָאסְטוּ שׁוֹין גֶעטְרוּנְקֶען קַאוֶוע. סִידֶעךְ שׁוֹין אפשׂר 7 דָער זֵייגֶער. נֵיין טָאכְטֶער לֶעבּ עֶנְפֶּערְט דֶער אַלְטֶר אַזוֹ אִיז זִיא זֵייעֶר בֵּייז גִיוָוארִין אוֹיף דֶער דִינֶער שַׁאפְט. אוּנ הָאט אַגִישְׁרֵייא גֶעטוּהְן גִישְׁוִוינְד קַאוֶוע פַר דֶעם פַאטֶער זָא גְלֵייךְ אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען דֶער משׂרת אוּנ הָאט אַרֵיין גִיבְּרַאכְט קַאוֶוע. וָוארוּם זָא שְׁפֶּעט שְׁרֵייט דִיא נגידה אוֹיף דֶעם משׂרת. הָאבּ אִיךְ אֵייךְ אַלֶע דֶען נִיט אָן גִזָאגְט שׁוֹין לַאנְג אַז אִיר זָאלְט מֵיין פַאטֶער מֶעהְר פִילְיוֶוען וִויא מִיךְ אַלֵיין. דֶר וֵוייל דֶר זֶעהְט זִיא

דֶעם קִיפֶּערְט שְׁטֵיין אִין דֶעם שְׁלָאפְצִימֶר . וָואס אִיז דָאס עֶפּים פַר אַקִיפֶּערְט פְרֶעגְט זִיא דֶעם פָּאטֶער עֶס אִיז דֶעךְ עֶפּים גָאר גֵייֶעס קִינְד לֶעבּ . עֶנְפֶּערְט אִיר דֶער פָּאטֶער פְרֶעג גָאר נִיט עֶס אִיז אוודאי רֶעכְט טַאטֶע לֶעבּ זָאגְט זִיא צוּם פָּאטֶר מִיט אַצֶערְטְלִיךְ פֶּענִימִיל טַאטִי לֶעבּ דוּא מַאכְסְט מִיךְ נֵייאֶגֶערִיג אִיךְ בֶּעט דִיךְ זֵייעֶר אִיךְ בַּשְׁוֶוער דִיךְ דוּ זָאלְסְט אַזוֹ הָאבִּין אַגוּטֶע עֶלְטֶער וִוי דוּא מוּזְט מִיר זָאגִין וָואס דֶער קִיפֶּערְט אִיז אוּנ וָוס דָא טוּט זֶעךְ. אבלל דוּא זָאלְסְט פוּן מִיר נִישְׁט פַרְהֶעלֶן אָוָוארְט. נוּא וָוס קֶען אִיךְ שׁוֹין טוּהְן אַז דוּ הָאסְט מִיךְ אַזוֹ בַּשְׁוָוארִין . לָכֵן ווֶעל אִיךְ דִיר טַאקִי שׁוֹין יָא זָאגִין . נָאר אִיךְ בַּשְׁוֶועהְר דִיךְ בֵּייא דֵיינִי קִינְדֶערְס חוּפּה אַז דוּ מוּזְט הַאלְטִין דִיא גַאנְצֶע זַאךְ בְּסוֹד . וָוארִין עֶס אִיז אַגִיפֶּערְלִיכֶר גֶעגֶנְשְׁטַאנְד. אַזוֹ אִיז זִיא נָאךְ מֶעהְר נֵייאֶגֶערִיג גְוָוארִין אוּנ עֶר הָט אִיר שׁוֹין אָן גִיהוֹבִּין צוּ דֶר צֵיילִין :

זָאלְסְט וִויסֶן מֵיין לִיבּ קִינְד הָאט דֶער אַלְטֶער אַנְגְפַאנְגֶען זָאלְסְט וִויסֶען אַז פַר 25 יָאהְר בשעת דֶער מָאסְקְוִויטֶער אִיז דָארִימָר דוּרְךְ מַארְשִׁירְט קֵיין פְרַאנְקְרֵייךְ הָאט מֶען בֵּיי מִיר אֵיין קְוַואטִירְט אֵיין רוּסִישֶׁן יֶענֶעראַל קָאמַאנְדֶע וָואס עֶר אִיז גִיוֶוען קַאסִירֶער אִיבֶּר דֶר גַאנְצֶער קַאסֶע וָואס מֶען הָאט מִיט גִפִירְט מֶען זָאל הָאבִּין צוּ גֶעבִּין דִיא קָאלְדַאטֶען אַלֶע טָאג דָם גְהֶערִיגֶע אוּן דִיא קַאסֶע אִיז גֶלֶעגִין אִין דֶעם קִיפֶּערְט דָאס הֵייסְט דֶער קִיפֶּערְט אִיז פוּל מִיט עֶמְפֶּרְיַאלֶען אבלל דָא לִיגְט אַמָמוֹן קוֹרַח דֶר וֵוייל אִיז אוּים גֶקוּמֶען אַז דֶער יֶענֶעראַל הָאט

גַּראָרְפְּט זֵייעֶר גְּשְׁווִינְד אַוֶועק צוּ מַאְרְשִׁירָן הָאט עֶר
גְּחַאפְּט לַייב אוּן לֶעבִּין אוּנ אִיז גִּישְׁווִינְד אַוֶועק מִיט זֵיין
מֵילִיטֶער אוּנ פַר גְּרוֹים אֵיילִינִישׁ הָאט עֶר פַר גֶעסִין מִיט
צוּ נֶעמֶען דֶעם קִיפֶּערְט אַזוֹ אִיז דִיזֶער קִיפֶּערְט גִיבְּלִיבֶּן
שְׁטֵיין בֵּייא מִיר מִיט דֶר גַאנְצֶר פּוֹטִיקֶע אוּנ עֶר שְׁטֵייט
שׁוֹין אַזוֹ צְוַואנְצִיג יָאהְ אוּנ קֵיינֶער רוּפְט זִיךְ נִישְׁט אָן
עֶר הָאט אוודאי גֶמוּזְט גְהַרְגִית וֶוערִין אִין דֶר שְׁלַאכְט .
לכן למעה"ש צוּ הַאלְטִין דִי זַאךְ בְּסוֹד אַזוֹ וִויא אִיךְ הָאבּ
דִיךְ בַּשְׁוָוארִין אוּנ אִיךְ גִיבּ דִיר יֶעצְט אִיבֶּר דֶם שְׁלִיסֶל
פוּן דֶעם קִיפֶּערְט אוּנ אִיךְ בַּשְׁוֶוער דִיךְ בֵּייא אַלֶעם וָוס
דִיר טֵייעֶר אִיזְט דָם דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִישְׁט אוּנְטֶער שְׁטֶעהְן
דֶעם קִיפֶּערְט צוּ עֶפִינֶען בִּיז נָאךְ מֵיין טוֹיט עֶרְשְׁט נָאךְ
שְׁלשִׁים אַז דוּא וֶועסְט מִיר שׁוֹין הָאבִּין גִישְׁטֶעלְט דִיא
מַצֵבָה . אוּנ דוּא וָועסְט אַהֵיים קוּמֶען פוּן דֶעם הֵיילִיגֶן
אָרְט מֶעגְסְטוּ דִיר עֶפִינֶען דֶעם קִיפֶּערְט אוּנ מַאכֶן וָואס
דוּ ווִילְסְט אַזוֹ הָאט דֶער . אַלְטֶער דֶר צֵיילְט זֵיין טָאכְטֶער
אִיז זֵייעֶר אִיבֶּר רַאשְׁט גִיוָוארֶן אוּנ הָאט שׁוֹין גְמָערְקְט .
אַז כל זמן דָאס הֵייסְט אַזוֹ לַאנְג דֶער פָּאטֶער וֶועט
לֶעבִּין הָאט זִיא גָאר נִישְׁט צוּ בַּאפֶעלִין אִיבֶּר דֶם קִיפֶּערְט
נָאר דֶר פָּאטֶער קֶען נָאךְ מִיט אִים מַאכִין וָואס עֶר וֶועט
וֶועלִין הָאט זִיא גְרוֹים מוֹרָא בַּקוּמֶען אפשר וֶועט אִים
נִישְׁט גִיפֶעלֶן מֵיינֶע קֶעסְט וֶועט עֶר זִיךְ נָאךְ אוֹיס צִיהְן
פוּן מִיר אוּנ וֶועט נָאךְ דֶעם קִיפֶּערְט אוֹיךְ מִיט נֶעמִין .
אוּנ וֶוער וֵוייסְט ווִי דֶר קִיפֶּערְט וִוירְד אַהִין קוּמֶען . לכן
הָאט זִיא אָן גִיהוֹבֶּן אִיבֶּרם גֵייעֶם דֶעם פָּאטֶער זֵייעֶר צוּ

שְׁמַייכְלוּן אכלל זִיא הָאט אִים אֵיינְגֶערִיכְטֶעט זָא אֵיינֶע בַּהַאנְדְלוּנְג אַז דֶער אַלְטֶער אִיז טַאקִי ווירְקְלֶעךְ זֶעהְר צוּ פְרִידִין גִיוֶועזֶען עֶר הָאט שׁוֹין קַיין בֶּעסְרֶם נִישְׁט גֶּקֶענְט פַרְלַאנְגֶען. אוּנ הָאט גִיהַאט אַגוּטֶע עֶלְטֶער אוּנ הָאט לַאנְג גִילֶעבְּט מִיט גְרוֹיס מנוחה אִין פַּרְגָנִיגֶן אוּנ אִיז בַּהַאנְדִילְט גִיוָוארִין וִויא אַמֶנַארְכֶע. עֶרְשְׁט נָאךְ זַיין טוֹיט נָאךְ שְׁלשים אַז זִיא אִיז צוּרִיק גֶקוּמֶען פוּן דֶם הֵיילִיגִין אָרְט אוּנ הָאט שׁוֹין אָפּ גְשְׁטֶעלְט דֶעם פָאטֶער אמצבה מִיט פַרְגָאלְדִיטֶע אוֹתיוֹת אוּנ הָאט שׁוֹין אָפּ גִיצָאלְט פַר אַלֶע הֶסְפֵּדִים וָואס זִיא הָאט אִים גְלָאזְט מַאכִין הָט זִיא זִיךְ גְוַואגְט אוּנ הָאט גֶעפִינְט דֶעם קִיפֶערְט אוּנ הָאט טַאקִי באמת גֶעפִינֶען אַגְרוֹסֶע פוּטִיקֶע. וָוס הֵייסְט אַגְרוֹסֶע פוּטִיקֶע אַפִילִין קִיפֶערְט מִיט זַאמְד אוּנ שְׁטֵיינֶער דֶער דוּנֶר הָאט זִיא שיעור דֶר שְׁלָאגִין. זִיא הָאט זִיךְ נָאר גִיטְרֵייסְט דַאמִיט וָואס זִיא הָאט עֶרְשְׁט עֶרְפַּאהְרִין וָואס פַר אַקְלוּגֶן טַאטֶן זִיא הָאט גִיהַאט אוּנ פוּן דֶעם זַאמְד אוּנ דִיא שְׁטֵיינֶר הָאט זִיא זִיךְ גִילָאזְט מַאכִין אַקֶעךְ צוּם אַנְדֶענְקֶען זִיא זָאל אוֹיף דִיזֶער קִיכֶע בְּרֶענִין אַזוֹ לַאנְג זִיא וֶועט לֶעבִּין צוּם עֶווִיגִין אַנְדֶענְקֶען:

---

# דיא קלוגע גניבה

איינע פרויא איז אמאל געקומען צו איין דאקטער וואס ער נעמט ארויס ציין אונ האט געקלאגט פר דעם דאקטער דאס זיא ווייסט גאר נישט וואס זיא זאל טוהן מיט איר מאן ער האט זעהר העפטיגע ציינשמערצין כון איינם באקצאהן אונ האט נאך דאצו אשטרקן אבשייא פיר אצאהן ארויס נעמין האט איר דער דאקטר איין עצה גיגעבן אז זיא זאל מיט אים ארויף קומען קלאמפערשט וועגין עפים אנדרש אונ ער וועט שוין דר וייל בשטעלן פיר טרעגערם אז תיכף וויא דער מאן וועט נאר אריין קומען אונ זיא וועט אווינק געבין אויף דעם דאקטער וויא איינר רעט א דאס איז ער זאלין אים די טרעגערם אחאפ געבין אונ זאלין אים אנידר זעצין אויף דר זאפע אונ זאלין אים האלטן ביז איך וועל האבין ארויס גנומען דעם באקצאהן אונ דאס ווירד אים גאנצין נישט מעהר דויערן נאר איין האלבי מינוט. זעהר גוט זאגט דיא פרויא. אונד גינג וועק עס האט גהייסין זיא איז גגאנגען אהיים ברענגען אים צום דאקטער. אונ דער דאקטער האט דר וייל בשטעלט דיא טרעגערם אונ האבין שוין גוואַרט ביז מען וועט ברענגען דעם קראנקן זיא אבער איז גיגאנגען צו איינעם אוהר מאכער אונ האט גיזאגט דם זי איז די פרויא פון דם דאקטער אונ אז דער מאן האט זיא גישיקט זיא זאל קופין פון זיינט וועגין איינע טייערי אוהר דאס הייסט אגוט זייגריל האט מען איר

גיוויזן פרשידנע זייגרליך הט זיא גזאגט אז זיא קען אויף
איר מבינות נישט שטעלין נאר דער הערר זעלבסט
מעג מיט זיך נעמין אגאנץ שאכטעל זייגרליך און דר
מאן וועט זיך שוין אויס וועהלען איינע אודר און ווירד
גלייך בעצאלין דער אודר מאבער הט גלייך גנומען איין
שאכטעל מיט טייערי זייגערליך עס האט בטראפין זעהר
פול געלד און איז געשווינד גגאנגען מיט דיזער פרויא
צו דעם דאקטער און וויא באלד ער איז נאר אריין
גקומען צו דעם דאקטר הט זיא בייא אים צו גנומען דם
שאכטעל אויס דר האנד האט ער גמיינט זיא נעמט דם
וויל זיא וויל עס ווייזין דעם מאן ער זאל זיך אויס
וועהלען אזייגעריל. און זיא האט גלייך אווינק געטוהן
אויף דעם דאקטר הט דער אודר מאבער גימיינט זיא
ווינקט צו אים ער זאל זיך אויס וועהלין אגוט זייגעריל
דער דאקטר האט אבר פרשטאנען מיט דעם ווינק אז
דער איז דר מאן מיט דעם שלעכטין באק צאהן. הט
ער אווינק גטוהן אויף דיא טרעגערס וואס זייא האבין
דארט גווארט. אזו האבין זייא אים גיחאפט וויא דיא
רוחות. און האבין אים אנידר גזעצט אויף דר זאפי און
האג׳ן אים אזו לאנג גיהאלטין פעסט ביז דר דאקטער
הט אים ארויס גישלעפט דעם לינקין באקצאהן אזו איז
זיא דר וייל גישווינד גילאפין אריין ברענגען קאלט וואסר
דם בלוט-צו פר שטעלין. און איז שוין מעהר נישט
גיקומען צום דאקטר. און איז אנטלאפין גיווארין ווי דר
שווארצר פעפר וואקסט דער אודר מאבער האט זיך

שוין אויף דעם באקצאהן קיין מאל ניט גיהאט צו בקלאגין . אויך איז אים דאס אהיים גיין לייכטער גיוועזן וואדין ער האט פערשפארט צו טראגין מיט זיך דם שאכטיל מיט זייגערליך . דער דאקטער האט אויך הנאה גיהאט ער האט בעוויזן זיין קונסט עס האט טאקי ניט גדויערט נאר איין האלבע מינוט אונ דער דאקטער האט ריכטיג בעצאלט דיא טרעגערם פיר זייער מיה אונ דאס אלס האבין זייא גיהאט דר עדלר פרויא צו פר דאנקין נאר זייא האבין איר נישט גיקענט דאנקין מינדליך ווייל מען האט נישט געוויסט וויא זיא איז ערגיטץ אהין גקומען :

---

# דער חזן אונ זיינע משוררים אונ איין רונדאר

## איינע וואנדערליכע געשיכטע .

עס איז אמאל גיוועזן איין בארימטער חזן . ער האט גיהייסין יאסקי גאליגער . אונד ער איז אפט ארום גיפארין אויף דער מדינה מיט זיינע משוררים . אונ האט פערדינט זייער אסאך געלד אונ האט זיך נאך דאצו ערווארבין אגרוסין נאמין . אמאל איז ער גיקומען אויף נאכט לעגר מיט זיינע משוררים צו איין רונדאר אונטער בארדיטשוב . אזו איז דיא רונדארקי ניט גיוועזן אין דר היים ; זיא איז אוועק גיפארין אויף איין מארקטאג קיין אלט קאסניטין . אונ האט מיט זיך מיטגנומען די גאנצי דינער שאפט . אונ דר רונדאר איז גיבליבן אליין צו הויז.

אזו האט דער חזן פערלאנגט נאכט מאל פיר אים אונ זיינע משוררים. אזו האט דר רונדאר גזאגט. ער ווייסט נישט צו געבן אן זיין ווייב אונ דא זענן זיי הונגעריג אזו וויא די וועלף. אונ האבין גאר נישט געוויסט וואס מען זאל טוהן מיט דעם רונדאר דעם שלעכטין מענטש ער האט נישט אמאל אטרונק וואסר גוואלט פערקויפן אזו איז דער חזן גיפאלן אויף אשכל. נאך דעם מאן האט אין קרעטשמע אויס גלאשין דיא לעכט. אונ דער רונדאר איז נאר וואס ערשט גיהאט אנטשלאפין גיווארן הייבט זיך אויף מיין חזן מיט דעם באס פון זייערע גילעגערם אונ זעצין זיך שפילן אין קארטין אין דער פינצטער. קלאפערשט וויא אין ערנסט. דער רונדאר האפט זיך אויף הערט ער וויא מאן שפילט אין קרעטשמע אין קארטן. אונ קיין לעכט האט ער נישט גזעהן. האט ער זיך משער גיוועזן מן הסתם ברענט אוודאי יא אלעכט ווארין עס זאל זיין פינצטער וויא אזו זעהן זיי די קארטען אונ איך הער דאך זאגט ער צו זעך אליין איך הער דעך אויך געלד ציילן אונ וויא אזו זייא קריגן זיך. אונ איך האב דאך גאר גהערט וויא אפאטש איז ארויס געפלוגן מן הסתם האט דער חזן דעם באס אפאטש דר לאנגט. וויא אזו קען דאס אלץ זיין אין דר פינצטער. ניין. עס ברענט אוודאי אלעכט נאר ווס איך זעה נישט קען זיין אז איך בין זייער פערשלאפן אזו קען איך נישט רעכט די אוגין עפענן איבר דעם דאכט זעך מיר אז עס איז פינצטער :

אַזוֹ הָאט זִיךְ דֶר רוּנְדַאר אָן גֶעהוֹבְּן אוֹיף צוּ רֵייסְן דִי אוֹגִין מִיט גְוַואלְט, עֶר הָאט אָבֶּר פָּארְט נִישְׁט גֶזֶעהְן הָאט, עֶר זִיךְ מִשער גִיוֶועֶן אַז עֶר הָאט אוודאי גֶמוּזְט בַּקוּמֶען פְּלֵיצִים דִיא שְׁטָאהְר אוּנ הָאט אָן גֶעהוֹבְּן זֶעהְר צוּ וַויינֶען מִיט אַיֶעמֶערְלֶךְ קוֹל. אוֹי מִיר וַויי מִיר וָואס טוּהְט מֶען וָואס פַאר אֵיין עֵצָה גוּט מֶען זִיךְ דָא אוּם גְלִיקְלֶעךְ בִּין אִיךְ בִּין אִין דֶר עֶרְד וִוי אַבַּארְג. דֶר וֵוייל הָאט דֶער חזן דֶר הֶערְט וַויינֶען זָאגְט עֶר צוּם בַּאס שָׁא שְׁטִיל נָאר מִיר דַאכְט זִיךְ עֶפִּים אַז מֶען וַויינְט עֶמִיצֶער אַזוֹ הָאט דֶער בַּאס גֶזָאגְט טַאקִי. טַאקִי הֶלֶעבִּין חזן אִיר הָאט רֶעכְט אִיךְ הֶער אוֹיךְ וַויינֶן וֶוער קֶען דָס אָבֶּר זֵיין פְרֶעגְט דֶער חזן דֶם בַּאס. מִיךְ פְרֶעגְט אִיר. פוּן וַואנֶען זָאל אִיךְ דָם וִויסֶן אִיךְ וֵויים אַקַארַאט אַזוֹ פוּל וִוי פוּל אִיר. נֵיין נֵיין. זָאגְט דֶר חזן מַאן מוּז עֶרְפַאהְרֶען וֶוער עֶם וַויינְט אַזוֹ דָאס אִיז עֶפִּים נִישְׁט אוּמזוּסְט עֶס מוּז עֶפִּים זֵיין וֶוער וֵוייסט וָוס דָא אִיז גֶשֶׁעהְן קוּם נָאר זָאגְט דֶר חזן צוּ דֶעם בַּאס קוּם נָאר מִיר וֶועלִין גֵיין נָאךְ דֶם קוֹל נָאךְ אַזוֹ זֶענֶען זֵיי גֶעגַאנֶגֶן לַאנְגְזַאם. דָאס הֵייסְט פַּאוָואלֶע בִּיז זֵיי זֶענֶען גֶקוּמֶען צוּם רוּנְדַאר אִין אַלְקֶער אַרֵיין אַזוֹ הָאבִּין זֵיי גֶזֶעהְן וִוי עֶר וַויינְט אוּנ קְלָאגְט אוּנ שְׁלָאגְט זִיךְ אִין קָאפּ אַרֵיין אוּנ טַאקִי קָאפּ אוּנ דֶער וַואנְד אוֹיךְ אַזוֹ הָאט אִים דֶער חזן גֶפְרֶעגְט בַּעַל בֶּעם לֶעבּ וָוס וַויינְט אִיר עֶס עֶפִּים וָוס פֶעלְט אֵייךְ וָוס טוּהְט אֵייךְ וַוייא אַזוֹ עֶנְפֶרְט דֶער רוּנְדַאר חזן לֶעבּ אִיךְ וֵויים אַלֵיין נִישְׁט וָואס מִיר אִיז עֶפִּים גֶשֶׁעהְן אִיךְ בִּין שוֹין

אַלְט 50 יָאהְר אוּנ הָאבּ ‏ קֵיין מָאל נִישְׁט גֶעהַאט ‏ קֵיין אוֹיגֶענְשְׁמֶערְצֶן אוּנ אַצוּנְד וֵויי מִיר בִּין אִיךְ פְּלִיצִים פוּן דֶר הֶעלֶערְהוֹיט אוֹיף אֵיינְמָאל בְּלִינְד גֶעוָוארֶן אכלל אִיךְ זֶעה גָאר נִישְׁט אִיךְ הָאבּ גֶהֶערְט וִוי אִיר הָאטְ גֶעשְׁפִּילְט אִין קָארְטֶן בְּרֶענְט דֶעךְ מן הסתם אַלֶעכְט אִין קְרֶעטְשְׁמֶע צוּם סוֹף זֶעה אִיךְ אַפִּילוּ נִישְׁט דִי שַׁאהְן אַצוּנְד וָוס טוּט מֶען וָוס הֵייבְּט מֶען אָן. וָוס זָאגְט אִיר פְּרֶעגְט דֶער חזן דֶם רוּנְדַאר אִיר זֶעהְט נִישְׁט דִיא שַׁאהְן אָט שְׁטֵייעֶן מִיר דָאךְ נֶעבִּין אֵייךְ מִיט אַבְּרֶענֶענְדִיג לֶעכְט שְׁרֵייט דֶר חזן אוּנ שְׁטִיפְּט אִים אַטִיִיט לֶעכְט אִין דֶר הַאנְד אַרֵיין אוּנ לָאזְט אִים נִישְׁט אָן רִירִין בֵּיי דֶער קְנוֹיט כדי ‏ עֶר זָאל זִיךְ נִישְׁט אָפּ בְּרִיעֶן אוּנ דֶר אמת אִיז גִיוֶועןכדי ‏ עֶר זָאל נִישְׁט מֶערְקֶן אַז דָם אִיז אַפְּרְלָאשֶׁען לֶעכְט אַזוֹ וָועט ‏ עֶר זִיךְ נָאךְ מֶעהְר דֶר שְׁרֶעקֶען אַז ‏ עֶר וֶועט מֶערְקֶען וִויא שְׁטַארְק בְּלִינְד ‏ עֶר אִיז גֶעוָוארֶן אַזוֹ הָאט זִיךְ דֶר רוּנְדַאר טַאקִי זֶעהְר דֶר שְׁרָאקֶען אוּנ הָאט גֶבֶּעטֶן דֶעם בַּאס אַז ‏ עֶר זָאל חַאפִּין אַפֶּערְד אוּנ זָאל פְּלִיעֶן גַאלָאפּ אִין דֶער שְׁטָאט אַרֵיין אוּנ זָאל גֶעשְׁוִוינְד אַרוֹיס קוּמֶען מִיט אֵיין אוֹיגֶענְדָאקְטֶער אַזוֹ הָאט דֶער בַּאס קְלָאמְפֶּערְשְׁט אִים גְפָאלְגְט אוּנ אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶן אוֹיף אַפֶּערְטִיל שָׁעה אוּנ אִיז דֶר נָאךְ אַרֵיין גֶקוּמֶען מִיט אֵיין פַרְעֶנְדֶרְטֶע שְׁטִימְמֶע ׃ הָט גֶשְׁפְּראכְען דֵייטְשׁ אוּנ הָט גֶעפְּרֶעגְט וָוא אִיזְט דֶער פַּאצִיעֶנְט דָם הֵייסְט דֶר קְרַאנְקֶר מַאן אַזוֹ הָאט מֶען אִים אַרֵיין גֶעפִירְט צוּם רוּנְדַאר אִין אַלֶקער אַרֵיין הָאט עֶר אוֹים גֶפְּרֶעגְט זֵייעֶר פוּל פְּרָאגֶן אוּנ הָט גֶעזָאגְט דָאם

עס איז אים גקומן פון א אויסער ארדענטליכע צאג לופט לכן הט ער געהייסן אז מען זאל נעמען זויערטייג כמעט פון אגאנץ גבעק ברויט אונ מען זאל דאס אריין לייגען אין אטישטעך אונ דאס טישטעך צו זאמען לייגען אוו אים צו בינדען דעם קאפ אונ ער זאל אזו ליגען רוהי׳

24 שטונדען זיך ניט אריהר צו געבין וארן זאנסט וועט פרדארבן ווערין די פרבינדונג אונ ער וועט בלייבן בלינד. אזו האט מען אים די רפואה גטוהן . דער רונדאר האט זיך געהאלטן גאנץ רוהיג דעם גאנצין קאפ מיט דיא אויגן פרבונדן מיט דעם טישטעך מיט זויערטייג . אזו האבין זייא דאס הייסט דר חזן מיט די משוררים בניצט דיא גילעגנהייט . אונ האבין ערשט גמאכט פייער אן געצונדען אלעכט . אונ האבין ערשט אן געהובן בודק חמץ צו זיין אין דעם קעלער אונד אין אנדערע ערטער אזו האבין זייא געפינן אליץ וואס גוט איז : אונ האבען זיך אלע זייער גוט אן גגעסן אונ אן גיטרונקען אונ האבין זיך נאך מיטאג גנומען צידה לדרך דאס הייסט איי גוטן פאראט אין דעם וועג אריין . דא האט דער רונדאר געברויכט זיינע נאטה צו פערריכטען . הט ער אבר מורא זיך צו בעוועגן טאמער מאכט ער קאלע די בינדע . אזו האט ער גיבעטן דם חזן מיט דעם באס . אז זייא זאלי אזו גוט זיין אונ זאלין אים פאוואלע ארויף לייגען און אוועגעלע אונ מען זאל אים פירן אויף דער פרישר לופט . איבר הויפט דארט וויא עס איז נישט דא קיין צאג . אזו זענען זייא גגאנגען אונ האבין אים צו געפירט קיין

בַּארְדִיטְשׁוּב אִין מִיטֶן מַארְק אַרֵיין אוּנ הָאבֶּן אִים גֶזָאגְט דָא אִיז גוּט פַר אֵייךְ וָוארִין דָא אִיז דִי לוּפְט פְרִישׁ אוּנ קֵיין צָאג אִיז דָא נִישְׁט . אַזוֹ הָאט זִיךְ דֶר רוּנְדַאר אַנִידֶר גֶעזֶעצְט וְויא דֶער סֵדֶר אִיז אוּנ הָאט פֶערִיכְטֶעט זֵיינֶע זַאכֶע . זֶענֶן זֵייא גֶעגַאנְגֶן אוּנ הָאבִּין אִים אוֹיף גֶעלָאזְט דִי בִּינְדֶע פוּן דִי אוֹיגֶן אִיז דִי בִּינְדֶע אַרָאפּ גֶעפַאלֶן אַזוֹ הָאט דֶער רוּנְדַאר שׁוֹין וְוידֶר גֶזֶעהְן מִיט זֵיינֶע אוֹיגֶן וְויא עֶר זִיצְט אִין בַּארְדִיטְשׁוּב אִין מִיטֶן מַארְק אוּנ טוּהְט אַזוֹ וָואס מֶען שֶׁעהְמְט בֵּיי זִיךְ אִין דֶר הֵיים צוּ טוּהְן אַזוֹ הָאט עֶר שׁוֹין פֶערְשְׁטַאנֶן וָוס פַר אֵיין שְׁטְרֵייךְ דֶער חזן מִיט זֵיינֶע משׁוררים הָאבִּין אִים גֶשְׁפִּילְט וֵוייל עֶר הָאט זֵייא שְׁלֶעכְט אוֹיף גְנוּמֶען . אַזוֹ הָאט עֶר אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל גִיוֶוען עֶר זָאל שׁוֹין זֵיין אמכנים אורח דָאס הֵייסְט גַאסְט פְרֵיינְדְלִיךְ :

# דער צווייטער טייל

---

## דער בעריהמטער פלוישער

אִין ווִיעֶן אִיז אַמָאל גִיוֶועןאֵיינֶר . עֶר הָאט גֶהֵייסֶן יוֹאֵל פְּלוֹישֶׁער ، מֶען הָאט אִים אַזוֹ גֶרוּפִין וַוייל עֶר הָאט לִיבּ גֶעהַאט יֶעדִין צוּ פַּרְפְּלוֹישֶׁן אוּנְד אָפּ צוּ נַארִין עֶר פְּלֶעגְט זִיךְ צוּ טְרָאגֶען זֶעהְר שֶׁעהְן אוּנ נָאבֶעל גֶקְלֵיידָט . וִויא אֵיין אֶרְדֶענְטְלִיכֶער קוֹיפְמַאן אוּנ וֶוער עֶס הָאט אִים נִיט גִקֶענְט אִיבֶּר הוֹיפְּט נָאךְ אַז עֶס אִיז גֶקוּמֶן אַפְרַמְדֶר קֵיין וִוין אוּנ עֶר הָאט אִים בַּגֶעגֶנְט אוֹיף דֶר שְׁטְרַאסֶע . אָדֶר אִין אֵיין קַאפְפֶע הוֹיז . הָאט עֶר גֶמֵיינְט אַז עֶר אִיז אֵיין אֶרְענְטְלִיכֶר מַאן . אַזוֹ פְּלֶעגְט זִיךְ דֶער יוֹאֵל מִיט יֶענֶעם צוּ שְׁטֶעלֶן שְׁמִיסֶן קְלָאמְפֶּערְשְׁט פוּן גִישֶׁעפְטֶן וָוס עֶס הָאט יֶענֶעם אוּנְטֶערְסִירְט דָאס הֵייסְט עֶס אִיז יֶענֶם צוּ נִיטְץ גֶקוּמֶען :

דֶר וַוייל אִיז עֶס נָאר גֶעוֶוען לוֹיטֶר פְּלוֹישֶׁרַייא אוּנ יֶענֶעם צוּ פֶּערְטָארִין אוּנ אָפּ צוּ נַארֶן יֶענֶער הָאט נָאךְ גֶמֶעגְט זֵיין דֶער קְלִיגְסְטֶר הָט עֶר אִים פַּרְפְּלוֹישְׁט אוּנ הָאט אִים גֶקֶענְט פִיר זָאגִין אַז אוֹיף דֶם הִימֶל אִיז אַיִריד דֶר וַוייל הָאבֶּן אַלֶע אִין קַאפְפֶע הוֹיז גֶלַאכְט א... הָאבֶּן זִיךְ דַבֵּיי זֵייעֶר גוּט אוּנְטֶערְהַלְטֶן אוּנ דֶער פְּרֶעמְדֶ... הָאט שׁוֹין דֶרְקֶענְט אִין דֶעם לַאבֶען אַז דָא אִיז עֶטְוַוא

קאמישעם דאס הייסט לצנות פאר גקומען אזו איז אים אליכט אויף גיגאנגען אונ האט אויך אן געהובן זייער צו לאכן אזו האט אלם גלאכט אונ אלע האבן געפאטשט בראווא אונ דאפיר האט ער שוין בקומען זיין לוין דאס הייסט איינע אנשטענדיגע בלאהנונג פון דר געזעלשאפט וואס יעדר הט דאצו ביי גטראגין דס הייסט צו שטייער גגעבן אונ פון דעם ערנהערט. דס הייסט מפרנס גיוועזן.
מיינע טייערע לעזער איך וויל איך נאר דער ציילן פון אים איין קליינע גשיכטע. דאס הייסט אקליין מעשלי אזו וועט איר לאכן אונ איר וועט איך דאביי זעהר גוט אונטער האלטן אונ איר וועט איך שוין קענן אבגריף מאכין דאס הייסט משער זיין וואס פר איין ארט מענטש אונזר ר׳ יואל איז גיוועזן. אונ פר וואס מען האט אים טאקי גמעגט אנאמן געבין יואל פלוישר. ער איז אמאל ארויס גגאנגן אויפסלאנד דס הייסט אין איין דארף אריין נישט וייט פון ווין פיליכט איין האלבע מייל פון וויען אונ איז אריין גקומען אין איין ווירטסהויז אונ הט גזאגט צו דעם ווירטס הייזער. הער ווירט איך בין צו איהנען גשיקט פון דם הויך עדלען הערן פון לעמיל אלזא דיזר הער לעסט זיך עמפפעהלען אויף דם העפליכסטע אונד בעט זיא זא גוט זיין מעכטין אונ אויף זיין קאנטע ארבייטן אויף מארגין צוועלף אהר פיר דרייסיג פערזאן ן רייכליכען מיטאג זעהר גוט אונ גשמאקע שפייזין ד זעהר גוטע גטרענקע אלער ארט אונ דיזעס אלם ל אויף מארגין צוועלף אהר מיטאגס פיקס אונ פערטיג

זַיין רֶען פִּינְקְט אוּם דִיזֶער צֵייט וִוירְד הֶער לֶעמִיל הִיר
אֵיינְטְרֶעפִין מִיט זַיינֶע לֵייטֶע דְרֵייסִיג פֶּערְזָאן דֶען, עֶר
וִוירְד הִיר מַאכִין דִי פֶערְלוֹבוּנְג פָאן זֵיינִים, עֶלְטְסְטֶן זָאהְן
אוֹיךְ מֶעכְטִין זִי בַּעְשְׁטֶעלִין פוּן זֵיינֶט וֶועגִין זֶעהְר שֵׁיינֶע
מָאזִיק. דִיזֶר וִוירְט וַואר פוּן דִיזֶעם אוֹיפְטְרַאג זֶעהְר צוּ
פְרִידִין דֶען דִיזֶעם אַלְס אִיז אֵיין בַּטְרֶעף פָאן אֵיינִיגֶע
הוּנְדֶערְט גִילְדֶן וָואבֵּיי עֶר קֶען זֵייעֶר לֵייכְט פֶערְדִינֶען.
דָאס הֵייסְט אַפָּאר הוּנְדֶערְטֶר אַזוֹ הָאט דֶער וִוירְט אוּנְזֶער
ר׳ יוֹאלִין דֶער פַאר זֵייעֶר גֶרַאנְקְט אוּנ הָאט אִים אוֹיף
גֶוַואוּרְט דָאס הֵייסְט מכבד גִיוֶועזְן מִיט אֵיין גוּטֶם גְלַאז
וֵויין אוּנ הָאט אִים הָאנָארִירְט מִיט צֶעהְן גִילְדֶן מִינְץ
פִיר זֵיינִיר מִיה. דִיזֶער ר׳ יוֹאל הָאט זִיךְ דֶען וֵויין גוּט
שְׁמֶעקִן לַאסֶען דִיא צֶעהְן גִילְדֶן אִין דֶער טַאשֶׁע
אֵיינְגֶשְׁטֶעקְט הָאט זִיךְ זֵייעֶר שֵׁיין גֶזֶעגִינְט אוּנ הָט נָאךְ
אֵיינְמָאל גֶבֶּעטֶן עֶס זָאל אַלְס צוּ דֶער בַּשְׁטִימְטֶע צֵייט
פֶערְטִיג זַיין וֶועלְכֶס דֶר וִוירְט אִים פַרְזִיכֶרְט הָאט. אוּנ
אִיז אוּם גֶקֶעהֶרְט צוּ הוֹיז דָם הֵייסְט עֶר אִיז צוּרִיק אַהֵיים
גַגַאנְגֶען קִיין וִויעְן. אוּנְזֶר וִוירְטְהֵייזֶר הָאט וִוירְקְלִיךְ אַלְס
אוֹיף דֶר שֶׁענְסְטֶר בֶּעסְטֶר אַרְט אוֹיף דֶעם אַנְדֶרֶען טָאג
פָרְבֶּרֵייטֶעט דִיא פֵיינְסְטֶע פִישֶׁע אוּנ שְׁמַאקְהַאפְטֶעסְטֶן
בְּרַאטֶען דִיא בֶּעסְטֶע וֵויינֶן אוּנ לִיקֶערְס אוֹיךְ וַואר שׁוֹין
דִי מוּזִיק בַּשְׁטֶעלְט אֵיין גַאנְצֶע בַּאנְדֶע גָאר גְרֶעפְלִיךְ אוּנ
וְויא עֶס אִיז גֶקוּמֶען דֶעם אַנְדֶרִין טָאג זֵייגֶער צְוֶועלֶעף
וַואוֹרֶען שׁוֹין אַלֶע טִישֶׁען גֶרֶעקְט גַאנְץ בַּאלְמֶעסִיג אוֹיךְ
הָאט שׁוֹין דִיא גַאנְצֶע מוּזִיק זִיךְ בֶּרֵייט גֶהַאלְטֶען אוּנ אַלֶס

האט נאר געווארט אונ ארויס גקוקט אז די געסטע זאלין שוין אן קומען און דא איז קיינר נישט גקומען מען ווארט מען ווארט נישטא קיינער שרייא חי וקים. אין קול ואין עונה. דער ווירטסהייזר איז אויסר זיך גיוועזן די שפייזין האבין שוין אן געהובין קאלע צו ווערין עס איז שוין זייער דריי זייגר פיר אכלל ער הט שוין גמערקט אז היר איז גיוועזן אשווינדל נוא וואס קען מען טוהן אז איין בטריגר האט בייא אים אויס גנארט אצעגריל נאט אונ האט אים נאך אריין געפירט אין איינגע הונדערט גילדן שאדין אזו האט זיך דר ווירטסהייזר מיישב גיוועזן אונ איז זיך אריין גגאנגען קיין וויען אונ האט זיך אזו לאנג ארום גדרייט אין וויען אין דיא קאפעהייזר ביז ער האט אים גטראפין אונזר ר׳ יואלין אין איין קאפעהויז אונ האט אים גלייך גפאקט. אונ האט אים אויסר ארדנטליך גשימפט אונ האט אים נישט גוואלט נאך לאזין ער מוז אים דעם בטריגר איבר געבין אין דעם קרימענאל אזו האט זיך דר ר׳ יואל אן גהובין ביי אים אפ צו בעטין וואס טויג אייך דאס קרימענאל זאגט ר׳ יואל צו דעם ווירטסהייזר נאך איבר צו געבן איוד אין גויאישע הענד אריין ווייסט איר וואס לאזין מיר גיין צום ראבינר האבין אדין תורה ממה נפשך וואס דר ראבינער ווירד פסקינן דאס וועל איך האלטן. גוט זאגט דר ווירטסהייזר קומען זי מיט מיר צום ראבינער. אבר גלייך איך לאפע איהנען ניכט פאם פלעק אונ שלעפט אים ריכטיג אריין צום ראבינער אזו זאגט דר ווירטסהייזר צום ראבינער רבי

אִיךְ הָאבּ מִיט דִיזֶען מַאן פַר אֵייךְ אַרִין תּוֹרה אוּנ דֶר צֵיילְט דָם רַאבִּינֶער דִי גַאנְצִי מַעֲשֶׂה פוּן א׳ בִּיז ת׳ וִויא אַזוֹ עֶר הָאט אִים בַּטְרָאגְן אוּנ הָאט בֵּיי אִים אַצְוֶענֶערִיל גֶנוּמֶען אוּנ הָט אִים אַרַיין גֶעפִּיהְרְט אִין אֵיינִיגֶע הוּנְדֶרְט גוּלְדֶן שְׁאָדִין :

אַזוֹ פְּרָעגְט דֶער רַאבִּינֶר דֶם ר׳ יוֹאלִין נוּא וָואס טַאנִיט אִיר וָואס וֶוענְדֶעט אִיר עֶפִּים אֵיין אוֹיף דִיזֶער קְלַאגֶע וָואס דִיזֶער קְלָאגְט אִיבֶּר זִי . אִיךְ זָאגְט אוּנְזֶער ר׳ יוֹאל הָאבּ פִּירֶעם אֵיינְצוּוֶוענְדִין . נָאר אִיךְ מוּז אֵייךְ זָאגִין רבּי לֶעבּ אַז אִיךְ הָאבּ אַזוֹ אַשְׁלֶעכְטֶע טֶבַע אַז אִיךְ הֵייבּ אָן צוּ טַאנִין אוּנ מֶען שְׁטֶערְט מִיךְ אִין מִיטִין מִיט אַוָוארְט אַזוֹ מוּז אִיךְ אָן הֵייבֶּן נָאךְ אַמָאל אִיבֶּר נֵייֶעם צוּ טַאנִין . אַזוֹ בִּין אִיךְ אֵייךְ רבּי לָעבּ דֶם מוֹדִיעַ. כּדי אִיר זָאלְט מִיךְ אִין מִיטֶן מֵיין טַאנִין נִיט עֶפִּים אִיבֶּר פְּרֶעגִין וָוס . אַז נִיט וֶועְרֶדֶע אִיךְ מוּזִין נָאךְ אַמָאהְל טַאנִין אַזוֹ וִוירְד דָם לַאנְג דוֹירִין . אוּנ דֶר רבּי זָאל לֶעבִּין וֶועט דוּרְךְ מִיר גְשְׁטֶערְט זֵיין . לכן זָאלְט אִיר מִיךְ רבּי לֶעבִּין נָאר רָאזִין אוֹים טַאנִין דֶער נָאךְ אַז אִיךְ וֶועל שׁוֹין הָאבִּין אִים גַאנְצִין אוֹים גִיטַאנֶעט אַזוֹ מֶעגְט אִיר מִיךְ שׁוֹין פְרֶעגִין וָואס אִיר וִוירְד מִיךְ הָאבִּין צוּ פְרֶעגִין . גוּט זָאגְט דֶער רַאבִּינֶר אוּנ הָאט אַבֶּפָעהְל גְגֶעבִּין אַלֶע דַיָינִים אוּנ אַלֶע זֵיינֶע גַבָּאִים אוּנ אַלֶע זֵיינֶע בּני בּית דָאס זֵייא זָאלִין זִיךְ הַאלְטֶן רוּהִיג בִּיז דִיזֶער הֶער וִוירְד אָפּ טַאנִין כּדי מֶען זָאל אִים נִיט שְׁטֶערִין אַזוֹ וֶועט עֶר פַאר שְׁפָּארִין נָאךְ אֵיין מָאל אִיבֶּר נֵייעֶם צוּ טַאנִין . אַזוֹ אִיז

אִין שְׁטִיבּ שְׁטִיל גֶעוָוארִין אוּנ אוּנְזֶער ר׳ יוֹאֶל הָאט שׁוֹין
צוּם מזל אָן גֶהוֹבִּין צוּ טַאנִין. צוּם עֶרְשְׁטִין רבּי לֶעבּ .
זָאגְט ר׳ יוֹאֶליק מוּז אִיךְ אֵייךְ דֶר צֵיילִין רבּי לָעבּ וְויא
אִיךְ בִּין גָאר גֶקוּמֶען.קֵיין וְוין אִיךְ בִּין דָאךְ אֵייגֶענְטְלִיךְ
גָאר אַגַאלִיצְיַאנֶער . אוּנ מֵיין פָּאטֶר אִיז גִיוֶועֶן אַגַארְבַּטָע
סוֹפֶערִיל . אוּנ אַז מֵיין פָּאטֶר אִיז גִישְׁטָארְבִּין בִּין אִיךְ
אוּם גַאנְצִין אֲלְט גִיוֶוען 8 יָאהְר . אַזוֹ הָאבִּין זִיךְ אָן
גִיהוֹבִּין ר׳ יוֹאֶלס טַאנִים . דֶר רַבִּינֶר הָאט אִים אָן גֶקוּקְט
וְויא אַמְשׁוּגָנִים עֶר דַארְף זָאגִין פַר וָואס עֶר הָאט דֶעם
ווִירְטְסְהֵייזֶר בֶּעטְרָאגִין דֶר צֵיילְט עֶר גָאר זֵיין לֶעבֶּנְס
בֶּעשְׁרֵייבּוּנְג וָוס דָאס קוּמְט גָאר נִישְׁט אַהֶער . אוּנ עֶס
קֶען אַוֶועק דוֹיֶערִין וֶוער וֵוייסְט וְויא לַאנְג אוּנ דָא הָאבּ
אִיךְ קֵיין צֵייט דַאצוּ אִיךְ הָאבּ נָאךְ עֶטְוַואס צוּ טוּהְן . עֶס
וַוארְטִין שׁוֹין פוּלֶע מֶענְטְשִׁין אִים פָאר צִימֶר . דֶער בְּרוּךְ
אַצֵייגֶנִים דֶר קוּמְט אַשַׁאֲלָה פְרֶעגִין אוּנְד דֶער גְלֵייכִין .
אוּנ דִיזֶער דוּמֶער מֶענְטְשׁ צוּרֵייסְט מִיר מֵיין גֶעדוּלְד
מִיט זֵיינֶע פְּלוֹידֶערֵייֶען . אַזוֹ זָאגְט דֶר רַאבִּינֶר צוּ אוּנְזֶער
ר׳ יוֹאֶלִין וָוס נִיצְט מִיר אֵייעֶרֶע זַאכִין וָואס אִיר עֶרְצֵיילְט
אַזַאלְכֶם וָואס גִיהֶער נִיכְט אַמָאל אַהֶער שְׁפְּרֶעכִין זִי לִיבֶּר
צוּר זַאכֶע . אוּנְד מַאכִין זִי עֶס קָארְץ דֶען אִיךְ הָאבּ
נָאךְ וָוס צוּ פֶּרְזָארְגִין . אָה מַאכְט ר׳ יוֹאֶל צוּם רַאבִּינֶער
זֶעהְט אִיר שׁוֹין רבּי לֶעבּ וְויא אִיר הָאט נִישְׁט גֶעהַאלְטֶן
קֵיין וָוארְט אִיר הָאט מִיר פֶּערְשְׁפְּרָאכֶן דָאס אִיךְ זָאל
פוּן אֵייךְ נִישְׁט גִישְׁטָערְט וֶוערְדֶן אִין מִיטֶן טַאנִין כְּדֵי
אִיךְ זָאל פֶּערְשְׁפָּרִין אָן צוּ הֵייבֶּן אִיבֶּר נֵייעֶס צוּ טַאנֶען

אוּנְד יֶעצְט הָאבִּין זִי מִיךְ אוּנְטֶר בְּרָאכִין אַזוֹ מוּז אִיךְ
ווִידֶר נָאךְ אַמָאהְל אִיבֶּר נַייֶעס אָן הֵייבִּין צוּ טַאנִין אוּנ
אִיר רבי לֶעבּ זִינְד טַאקִי אַלֵיין שׁוּלְדִיג אוּנ דֶעם פַר וָוס
אִיר הָאט מִיךְ גִישְׁטֶערְט . אַזוֹ הֵייבְּט אוּנְזֶער ר׳ יואל
נָאךְ אֵיין מָאל . קוֹדֶם מוּז אִיךְ דֶר צֵיילֶן ווִיא אַזוֹ אִיךְ בִּין
גֶקוּמֶען קיין וִוין . אוּנ אִיךְ בִּין דֶעךְ גָאר אֵיין גַאלִיצִיַאנֶער
אוּנ מֵיין פָאטֶר אִיז גִיוֶוען אַגַארְבַּאטֶע סוֹפֶערִיל אוּנ אַז
עֶר אִיז גִשְׁטָארְבִּין בִּין אִיךְ אוּם גַאנְצִין אַלְט גִיוֶוען אַכְט
יָאהְר . אַזוֹ אִיז דֶער רַאבִּינֶר שׁוֹין זַייעֶר בֵּייז גְוָוארִין עֶר
הָאט גֶזֶעהְן דָם דֶער מֶענְטְשׁ אִיז עֶטְוָואס פֶּערְרִיקְט. אַזוֹ
זָאגְט דֶער רַאבִּינֶר שׁוֹין מִיט גְרוֹס כַּעַס צוּ דֶעם יוֹאֵלִין
אִיךְ זָאג אִיהְנֶען נָאךְ אֵיינְמָאל דָאס אִיר זָאלְט נָאר
שְׁפְּרֶעכִין צוּר זַאכֶע , זָאנְסְט וֶוערְדֶע אִיךְ אֵייךְ פָּארְט
יָאגִין אוּנְד וֶוערְדֶע גֶעבִּין אֵייעֶר גֶעגְנֶער אֵיין כְּתַב סִרוּב
דָם הֵייסְט אַצֵייגֶנִים אַז אִיר ווִילְט נִישְׁט הַאלְטִין קיין דִין
תּוֹרָה. אַזוֹ וֶועט עֶר גֶעהְן צוּם קְרִימִינַאל . וֶועט אִיר נָאךְ
עֶרְגֶער אָפּ שְׁנֵיידִין אבלל דָאס הָאט אָבֶּר אוֹיךְ נִישְׁט
גִיהָאלְפִין דֶער יוֹאֵל הָאט נָאר גֶעפְּלוֹידֶערְט . אוּנ דֶער
רַאבִּינֶר אִיז אוֹיסֶר זִיךְ גִיוֶוען אוּנְד הָט גֶשְׁוִוינְד גִיחַאפְּט
פַּאפִּיר אוּנ הָאט שׁוֹין גֶוָואלְט אָן הֵייבִּין צוּ שְׁרֵייבִּין
אַכְּתַב סִרוּב. דָם הֵייסְט אֵיין צֵייגֶנִים דָם דֶר גִיקְלַאגְטִי
ווִיל נִישְׁט הַאלְטִין קיין דִין תּוֹרה אוּנ פְּרֶעגְט דֶעם
גִיקְלַאגְטִין אוּם זֵיינֶען נַאמִין דָאס הֵייסְט עֶר זָאל אִים
זָאגִין ווִי אַזוֹ עֶר הֵייסְט אַזוֹ זָאגְט אוּנְזֶער מֶענְטְשׁ אִיךְ
הֵייס יוֹאֵל פְּלוֹישֶׁר . ווִי דֶר רַאבִּינֶר הָאט דָאס דֶר הֶערְט

הָאט ֶער ַאגְרוֹסֶן ַלאך גְטוּהְן וָוארִין דֶר ַראבִּינֶר הָט שׁוֹין פִּיֶעל מָאל גִיהֶערְט דֶער צֵיילִין וָואס ַפּאר ַאשְׁטִיקִיל סחוֹרה דָאס אִיז . אוּנ וִויא ַאזוֹ ֶער פְּלוֹישְׁט יֶעדִין בִּיז צוּם טוֹיט ַלאבִּין . אוּנ זָאגְט צוּ דֶעם ווִירְטְסְהֵייזֶר . גֶעהְן זִיא גִיטִיגְסְט אִין גָאטְס נָאמִין אוּנ פֶּערְבְּרֶענְגִין זִי נִיכְט אִיהְרֶע צֵייט אוּנְגִיצְלִיך . דֶען דִיזֶער אִיז נָאר אֵיין לוּסְטִיג ַמאכֶר אֵיין אָרְמָר טֵייפִּיל ֶער הָאט שׁוֹין פִּיהְל מֶענְטְשִׁין זָאלְכֶע שְׁטְרֵייכֶע גֶעשְׁפִּילְט אוּנְד ֶעס אִיז ַפארְ ַפאלִין ווִיא אִין בְּרָאד :

ַאזוֹ הָאט זִיךְ דֶר ווִירְטְסְהֵייזֶר גְוָואלְט גֶזעגִינִין מִיט דֶעם ַראבִּינֶר הָאט אִים דֶער יוֹאל גְשְׁטֶערְט אוּנ הָאט גְזָאגְט ֶער ווִיל אִים נִיכְט נָאךְ לָאזִין אוֹיף קֵיינִם ַפאל בִּיז ֶער זָאל מִיט אִים הָאבִּין ארין תּוֹרה כּדי דֶער יוֹאל זָאל אִיבֶּר וֵוייזִין דֶר וֶועלְט ַאז ֶער הָאט רֶעכְט אוּנ , ַמאן קְלָאגְט אִיבֶּר אִים אוּם זָאנְסְט אוּנְשׁוּלְדִיגֶער וֵוייזֶע ַאזוֹ הָאט דֶער ווִירְטְסְהֵייזֶר גְזֶעהְן ַאז דָאס אִיז ֶעפֶּעס ַאַפּאר שְׁלֶעפְּטֶע קְרֶענְק . ַאשְׁלַאק פוּן גָאט . אוּנ ֶער קֶען זִיךְ פוּן אִים גָאר נִישְׁט אָפּ טְשֶׁעפִּין . ַאזוֹ הָאט ֶער ַארוֹיס גֶענוּמֶען ַאפִּינְוֶועְרִיל נָאט אוּנ הָאט דָאס גִישֶׁענְקְט דֶעם יוֹאל פְלוֹישֶׁר ַאבִּי ֶער זָאל זִיךְ פוּן אִים אָפּ טְשֶׁעפִּין . ַאזוֹ הָאט זִיךְ ֶערְשְׁט יֶעצְט דִיא צָרה דָס ר׳ יוֹאליכין פוּן אִים אָפּ גִיטְשֶׁעפְּט . אוּנ דָס הָט ַאלְץ גִיקֶענְט יוֹאל פְלוֹישֶׁער :

---

# דאס האלבע קאבריצעל

עֶס אִיז אַמָאל גִיוֶועןْ אַגְרוֹסֶר עוֹשֶׁר אֵיין מִילְיָאנֶער · דִיזֶער הָאט גִיהַאט אֵיין אֵיינְצִיגִין זוּן עֶר וַואר אַלְט 24 יָאהְר · אַזוֹ הָאט אַמָאל דִיזֶער פָאטֶר גֶזָאגְט צוּ זַיינֶעם זָאהְן הֶער נָאר מַיין קִינְד וָואס מִיר אִיז אֵיין גֶפַאלִין אוּם דִיךְ גְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכֶן אִיךְ וִויל דִיר אַוֶועק שֶׁענְקֶען מַיין גַאנְץ פַּרְמֶעגִין זָא וִוירְסְטוּ זַיין אֵיין מַאן פוּן אֵיינֶער מִילִיאָן גִילְדֶן אוּנ דוּ וִוירְסְט קֶענֶן מַאכִין אֵיינֶע פַּארְטִיא אוֹיךְ מִיט אֵיין מִילִיאָן גִילְדֶן זָא וִוירְסְטוּ שׁוֹין זַיין אֵיין מַאן פוּן 2 מִילִיאָן גִילְדֶן אוּנְד זָא וִוירְד שׁוֹין דַיין גְלִיק גֶגְרִינְדֶעט זַיין אִיךְ אָבֶּר בִּין שׁוֹין אַלְט אוּנ דִיא וֶוענִיג יָארִין וָואס עֶס אִיז מִיר נָאךְ בַּשֶׁערְט צוּ לֶעבִּין וֶוערְדֶע אִיךְ בַּיי דִיר זַיין אִיךְ הָאפְּפֶע דוּ וִוירְסְט מִיךְ נִיכְט לַאסֶען פֶּרְהוּנְגֶערְן אוּנְד מַיין גַאנְץ פֶּרְגְנִיגֶן וִוירְד זַיין אַז אִיךְ וֶועל זֶעהֶען וִויא רַייךְ דוּא בִּיסְט אוּנ וִוי דוּא לֶעבְּסְט צוּ פְרִידִין מִיט דַיינֶער פְּרוֹיא אוּנ מִיט דִיא קִינְדֶערְלִיךְ וָואס דוּא וִוירְסְט מִיט גָאטְס הִילְפֶע מִיט דֶר צַייט מִיט אִיר צוּר וֶועלְט בְּרֶענְגִין וָוס זָאגְסְטוּ דַאצוּ מַיין לִיבּ קִינְד · לִיבֶּר פָּאטֶר זָאגְט דֶר זָאהְן אִיךְ דַאנְקֶע דִיר אוּנְד קִיסְסֶע דִיךְ טוֹיזִינְד מָאהְל פַאר דֶעם וָואס דוּא זָארְגְסְט אַזוֹ פִיר מִיךְ . דוּא קָאנְסְט זִיכֶר זַיין לִיבֶּער פָּאטֶער דָאס וִויר וֶוערְדִין דִיךְ הַאלְטִין וִוי אַקְרוֹין אוֹיף דֶעם קָאפּ דוּא וִוירְסְט זַיין הֶערְר אִים הוֹיזֶע אוּנְד אוֹיךְ מַיין פְרוֹיא וִוירְד דִיךְ אַלְס אִיהְרֶען צְווֵייטֶן פָּאטֶר פֶערְעֶהְרֶען . אַלְזָא דֶר פָּאטֶר הָט וִוירְקְלִיךְ

װעקגעשענקט זיין גאנצעס פערמעגען דיזעם זאהנע. אונד דיזער זאהן האט װירקליך דאדורך איינע גליקליכע פארטי גימאכט אונד דער פאטער װאר װירקליך ביי זיינע קינדער. דיא איהם איבער ארדענטליך געעהרט האבען אונד אונבעשרייבליך װאר דעם פערגניגען פון פאטער אלס ער בעמערקטע װיא גליקליך דעם עהעפאאר לעבטע ער װאר װירקליך העער איהם היזע. אונד גניסטע איין ענטציקענדעס אלטער. אלס עס גינג אװעק איינע צייט פון איינינגע יאהרע אבער זאגט די פרױא צו איהרעם מאננע מיין ליבער יאזעף איך מוז דיר אויפריכטיג זאגען איך האבע איינען איבער ארדענטליכען װידער װילען געגען דיינען פאטער איך קאן מיט איהם ניכט געמיינשאפטליך לעבען ער האט נאך זיינע אלטע מאנירען װעלכע הייט צו טאגע פערעכטליך זינד אונד איך שעהמע מיך מיט איהם פיר די נאבלע געסט די אונז בעזוכען מיט איינעם װארט װען דו װילסט דאס איך צו פרידען לעבען זאל זא מוזטו דיינען פאטער אויס ראמען דען גאנצען צװייטען שטאק מיט דעם שענסטען מעביל װיא אפירשט אונד װיר װערדען דאן אונד װאן צו איהם הערויף קומען אום איהם צו בעזוכען אונד צו בעעהרען װיא עס איהם צו קומט אונד זא װירד ער זיך שוין אויך גליקליך לעבען אונד עס װירד פיר אונז אלע גוט זיין. גוט זאגט דער מאן איך װערדע עס שוין זא איין ריכטען. אונד זייא אונבעזארגט מייני טייערי יוליע. אונד װירקליך האט דער איינציגער זאהן צו זיינעם פאטער געזאגט מיט טרערין אין זיינע אויגען ליבער פאטער אזו װי דוא ביסט איבערצייגט

דָאס אִיךְ דִיךְ זֶעהְר עֶהְרֶע אוּנ דָם מֵיין גַאנְצֶם לֶעבִּין בַּשְׁטֶעהְט דַארִין דִיךְ מוּנְטֶר צוּ זֶעהְן אוּנְד דֵיינֶע טַאגֶע צוּ פֶּרְזִיסֶען מוּז אִיךְ דִיר דָאךְ צוּ מֵיינִים שְׁמֶערְץ זָאגִין דָם מֵיינֶע יוּלְיֶע מִיט דֵיינִיר גֶעגֶענְוַוארְט נִיכְט זֶעהְר צוּ פְּרִידִין אִיזְט . עֶס אִיזְט זָא אֵיינֶע אַרְט אֵיינֶען נִיכְט צוּ דוּלְדֶען אָהְנֶע צוּ הִיסֶן וָוארוּם אוּנְד וִוינְשְׁט דַאהֶער דוּרְךְ אוּיס דָם דוּ אִין דֶעם צְוֵוייטֶן שְׁטָאק הִינְאֵיינְצִיהֶן מֶעגְסְט וֶועלְכִין וִויר דִיר אֵיינְרֵיימֶען וֶוערְדִין מִיט דֶען שֶׁענְסְטִין מֶעבְּלִין . אוּנ מִיט דֶר בֶּעסְטֶר קִיכֶע וִויא אֵיין פִּירְשְׁט :

אוֹיךְ וֶוערְדִין וִויר דִיךְ זָאגְט מֵיינֶע יוּלְיֶע אֶפְּטֶערְם בֶּעזוּכִין וִויא עֶס אֵיינֶען פָּאטֶר קָאמְט . דֶער פָּאטֶר זָאגְט אִיךְ וִויל דֵיינֶעם ווִילֶע נִישְׁט דַאגֶעגֶען זֵיין . וֶוען עֶס דֵיינֶער יוּלְיֶע גִיפֶּעלִיג אִיזְט דָאס אִיךְ אוֹיס צִיהֶן זָאל זָא קְרֶענְקֶע זִיא נִיכְט אוּנְד רִיכְטֶע אַלֶס אֵיין נָאךְ אִירֶם וָואנְשׁ . דֶען זָא בַּאלְד דֵיינֶע יוּלְיֶע נָאר עֶטְוַואס גִיקְרֶענְקְט אִיזְט זָא אִיזְט דֵיינֶע הֵייזְלִיכֶע צוּ פְּרִידִינְהֵייט גִישְׁטֶערְט . אוּנְד דָאס וֶוערְדֶע אִיךְ נִיכְט אִיבֶּר לֶעבִּין קֶענִין . דַאהֶער פַּרְזֵיימֶע נִיכְט אוּנְד רִיכְטֶע אַלֶעם זָא אֵיין זָא וִויא זִיא עֶס פוּן דִיר פֶּערְלַאנְגְט אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ פְּרִידֶען זֵיין וֶוען אִיךְ נָאר מִיט אֵייךְ אִין אֵיין הוֹיז וָואהְנִין וֶוערְדֶע . יַא יַא . מֵיין טֵייעֶרֶער זָאהְן גְלוֹיבֶּע נִיכְט דָאס דֵיין טְרֵייעֶר פָּאטֶר דָא עֶטְוַוס גֶעקִירְצְט זֵיין וִוירְד . נֵיין נִיכְט אוֹיף דָם מִינְדֶעסְטֶע אוּם גִיקֶערְט אִיךְ וֶוערְדִי נָאךְ הֶעכְסְט צוּ פְּרִידֶען זֵיין וֶוען אִיךְ דֵיינֶער יוּלְיֶע מִיט עֶטְוַואס גֶעדִינְט הָאבִּין וֶוערְדֶע . דַאהֶר נָאכְמַאלְס פֶּערְזֵיימֶע קֵיינֶע צֵייט

אונד מאכע עס וויא אם שנעלסטין איך ערלויבע דיר. איך בפעהלע עס דיר אונ ביטע דיך דארום אונ גענוג דאפאן. איך דאנקע דיר טויזנד מאל ליבר פאטר דוא האסט מיך אויס איינער פערלעגנהייט הערויס גיצוגען דען איך ווייסע מיר זעלבסט קיין ראטה צו שאפין. זאלטע איך צערטליבער מאן זיין אדר זאלטע איך צערטליכער זאהן בלייבין זארג ניכט פאטר דוא ווירסט זעהן ווי וויר בעזארגט זיין ווערדין אום דיינע טאגע צו פערזיסין. אונד זא איזט ער ווירקליך גלייך צו ווערקע גיגאנגען. אונד האט אלעס איין געריכטעט זא ווי זיינע יוליע פאן אים פערלאנגט האט. דר אלטער האט אויס גיצויגין אום 2 טען שטאק מיט דר גרעסטין צו פרידען הייט. אונד זא וואר עס אים הויזע אלס נאך וואנש ווי פארהער. די צימר ווארין ווירקליך גערייםיג זעהר שעהן מעבלירט אייך וואר די בעדיהנונג זעהר פראמפט. אונד ווארדע פון זיינע קינדער עפטערס בעזוכט. מיט איינעם ווארט עס בליעב אים יעצט ניכטס צו ווינשען איבריג. אונד זא גינג עס וייטער פאריבר איינינע יאהר. אונד עס וואר אלעס אין דער שענסטען בעסטין ארדנונג. נאך איינינע יאהר אבר זאגט יוליע צו איהרם מאן. ליבער מאן איך מוס דיר אפענהערציג זאגין. דאס עס איז מיר זעהר אונבעקוועם ואס דיין פאטר וואהנט מיט אונז צו זאמען אין איינעם הויזע. דען אימר איז עס צאנק צווישען זיינע בדיהנונג אונד אונזערע אונד מאכען נאר לארם אין אונזערין הויזע עס פאסט יא ניכט פיר דער

נאכבערשאפט אונד אנדערע לייטע די אונז עפטערס בזוכן .
דאהער ווען דו ווילסט מיינע רוה רעטן זא זאלסטו זיינט
וועגן מיהטען געגן איבר איינען שטאק געריימינע צימר.
מעביל האט ער יא גענוג איך זיינע בדיהנונג בלייבין
ביא אים וויא פארהער . אונד וויר ווערדן אים עהרע
ערטהיילען זא ווי עס איינען פאטר געביהרט . יוליע
זאגט דר צערטליכר מאן. ווען דו עס נאר זא ווינשעסט
זא בין איך בערייט זאלכם איינצוריכטן ווי אם געשווינסטן
אונד זאגט צום פאטר גלעגנטליך הער נאר פאטר לעב .
אזו ווי דוא ביסט איבר צייגט פון אונזר צערטליכקייט
צו דיר אונ דם אונזר גאנצעס שטרעבן איזט דיר דיינע
טאגע צו פערזיסן אונד אזו וויא דוא ווייסט דאס מיינע
יוליע מיט דיר העכסט צו פרידען איזט זא מוס איך
דיר לייד ער זאגין דם זיא מיט דיינר בדיהנונג העכסט
אונצופרידין איזט . זי צאנקין אימר מיט אונזר דינערשפט
אונד פעראורזאכין אימר לערם אים הויזע . אונד לכן
פערלאנגט יוליע דאס איך דיינעט וועגין געגען איבר
איינען שטאק מיט געריימיגע צימר מיהטין זאל . מעביל
האסטו יא גאטלויב גענוג דיינע בדיהנונג בלייבט ביא
דיר ווי פארהער. אונד וויר ווערדן דיך אפטערס בעזוכן
אזו וויא אימער אונד דו וועסט העכסט צו פרידן זיין .
אלזא טייערר פאטר וואס זאגסטו דער צו . ליבער זאהן
זאגט דער פאטר וואס טוה איך דען ניכט אום אייערע
הייזליכע צו פרידענהייט צו רעטין מיט איינעם ווארט
איך ערלויבע דיר יא איך באפעהלי עס דיר זאגאר דם

דו זאלבעס וויא אם געשווינדעסטן איינריכטען זאלסט . איך דאנקע דיר טויזנד מאהל זאגט דער צערטליכער זאהן . אונד האט ווירקליך וויא אם געבסטען אלעס זא איינגעריכטעט וויא זיינע יוליע אים פאר געשריבען האט . אונד דער אלטער האט ווירקליך אויס גיצוגין אין זיינער נייער וואהנונג הינאיין וואר אבער אויך נאך צו פרידען ווס ער האט ווענינגסטענס גוואהנט אין דר געהי פון זיינע קינדער אלעס געדהט וויא פארהער פון זיינע צימר וואר ער צו פרידען . זיין מעביל האט ער גיהאט פון לאנג . דיא בדיהנונג וואר פראמט ווי אימר . אויך ווארדי ער אויך היר פון זיינע קינדער אפטערס בעזוכט . און ער וואר העכסט צו פרידין פון דר זיסר איינינגקייט די אונטער זייא הערשט מיט איינעם ווארט עס גינג אים אויך יעצט אלס נאך וואנש . אונד זא גינג עס ווייטער פאר איבר איינינגע יאהרע.

נאך איינינגע יאהר אבר זאגט דיזע יוליע צו איהרעם מאן ליבער יאזעף ווי לאנגע נאך ווערדין וויר צאהלן דירה געלד פיר דיינעם פאטר וויר האבין שוין גענוג גיצאהלט מיט איינם ווארט פון נון אן ווירד ניכט מעהר פיר אים גיצאלט ער זאל זעלבסט צאהלן . איך זאגע דיר איך בשווערי דיך זאגאר ביי אונזרר הייזליכר צופרידנהייט דאס דוא זאלסט דיך ניכט אונטרשטעהן עטוואס פיר אים צאלין אהן מיין וויסן . ווי עס דאצו געקומען וואר יאזעף זעהר בעשטירצט . ער האט מיט זיינעם אלטין פאטער גרוים מיטלייד גיהאט . ער האט אבר נירט גיקענט דאווידר זיין זיינער יוליע די ער אויסער ארדענטליך

גִישֶׁעצְט . מִיט אֵיינֶם וָוארְט וִויא עֶס אִיז גֶקוּמֶען דִי צֵייט
דָס גֶעלְד אָן דֶם אֵייגֶענְטִיהְמֶר אָפּ צוּ טְרָאגִין . אוּנְד דֶר
זָאהְן בְּלִיעֶב אוּנְטֶר שְׁטֶעלִיג הָאט שׁוֹין דֶר אַלְטֶר פָּאטֶר
גֶמֶערְקְט דָס עֶס אִיז שְׁלֶעכְט אוּנְד הָאט שׁוֹין אַנְגֶפַאנְגֶען
צוּ בֶּערֵייעֶן פַר וָואס עֶר הָאט זַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגִין זֵיינֶען
זָאהְן אַוֶועק גֶשֶׁענְקְט דֶר זָא אוּנְדַנְקְבַּאר גִיוָוארְדִין נִיכְט
אַמָאל דָאס דִירָה גֶעלְד פִיר אִים צוּ צָאהְלִין . אוּנ אֵיין
אַלְטִין פָאטֶר זָא אִים שְׁטִיךְ צוּ לַאסִין ، וָוס הֶעלְפְט עֶס
אָבֶּר דִי זַאכֶע אִיז פַּרְבֵּיי אוּנְד דֶר עֶלֶענְדֶע פָאטֶר הָאט
מוּסִין פִיל פוּן זֵיינֶע מֶעבְּלִין פַאר קוֹיפִין אוּם וֶועניגְסְטִינְס
פִיר אֵיין קְלֵיינֶם צִימֶר בַּצָאלִין צוּ קֶענֶן . זָא אִיזְט עֶר פוּן
זֵיינֶן גַאנְצִין מֶעבִּיל גֶקוּמֶען . אוּנְד וַואר עֶנְדְלִיךְ נִיכְט
אַמָאהְל אִים שְׁטַאנְד אוֹיךְ פִיר אֵיין קְלֵיינֶם צִימְרִיל דָאס
דִירָה גֶעלְד צוּ בַּצָאלִין . זָא גִינְג עֶר צוּ זֵיינֶע קִינְדֶער
אוּנְד וֵויינְט בִּיטֶערְלִיךְ . עֶס קָאמְט מִיר אוֹיס נָאר אוֹיף
דֶר גַאס צוּ שְׁלָאפִין . אוּם גָאטֶס וִוילִין עֶרְבַּארִימְין זִי זִיךְ
אִיבֶּר מִיר . אִיךְ בִּין דָאךְ אֵייעֶר פָאטֶר אוּנְד שְׁטִיפְטֶר
אֵייעֶרֶס גְלִיקֶעס . יוּלְיֶע טוּט אַגִישְׁרֵיי צוּ אִיהְר דִיעֶנְסְט
מֵיידֶל וֵוייז דֶעם אַלְטִין אָן אוּנְטֶר דֶעם דַאךְ דָאס אַרוּם
גִיצוֹמְט וִוינְקִיל וִוי מַאן דָס גֶעפְלִיגִיל הֶעלְט . אוּנְד אִימֶר
וֶוען מַאן דָאס גֶעפְלִיגִיל פִיטֶרִין וִוירְד . זָאל מַאן אָן אִים
אוֹיךְ נִישְׁט פֶרְגֶעסֶן עֶטְוַואס עֶסִין אַרוֹיף צוּ טְרָאגִין . דֶר
אוּנְגְלִיקְלִיכֶר אַלְטֶר וָואר שׁוֹין צוּ פְרִידֶען דָאס עֶר אֵיין
אָרְט וֶועניגְסְטֶנְס גִיפִינְדֶען הָט . אוּם וֶועניגְסְטֶנְס נִיכְט
אוֹיף דֶער גַאסֶע זִיךְ וַואלְגֶערֶן צוּ מִיכֶן. קֵיין בֶּעט צֵייג

דָאט ער נִיכְט גִיהַאט . דֶען אוֹיךְ דִיזֶס הָאט מְען בֵּייא אִים פִיר דִירָה גֶעלְד אַוֶועק גֶנוּמֶען ; נָאר עס וַואר אִים זָאמָר בֵּייא אֵיין שֵׁיין וֶועטֶר זָא וַואר דָם בֶּעט צֵייג נִיכְט זַייֶער נֵייטִיג . ווִי דֶר ווִינְטֶר הִירֵיין גִירִיקְט הָאט . הָאט דֶר אַלְטֶר בַּפּוֹלִין דוּרךְ דִי דִינֶערְשַׁאפְט וֶועלְכֶע אִים דָם עסִן גֶבְּרַאכְט . דָאס מַאן זָאל אִים עטְוַואס אַרוֹיף שִׁיקֶען ער זָאל הָאבִּין זִיךְ צוּ צוּדֶעקִין . זָא זָאגְט יָאזֶעף צוּ זַיינֶעם אַכְט יֶעהְרִיגֶן יוּנֶגען דער אִין דִיזֶר צֵייט הֶערַאנְגֶוַואקְסִין אִיזְט . יַאקָאב נֶעם דָם קְלֵיינֶע קָאבְּרִיצִיל וָואס לִיגְט אִין הוֹיז אוֹיף דֶר עֶרְד בֵּיי דֶר טִיהְר אוּנְד טְרָאג עס אַרוֹיף צוּ דֵיינֶם גְרָאס פַאטֶר ער זָאל הָאבִּין זִיךְ מִיט וָואס צוּ צוּדֶעקִין . גוּט זָאגְט דֶר יוּנְגֶע . אוּנְד נֶעמְט וִוירְקְלִיךְ דָם קְלֵיינֶע אַלְטֶע קָאבְּרִיצִיל אוּנְד הָאט עס אַרוֹיף גֶטְרָאגֶען צוּם גְרָאס פַאטֶר . דֶר אַלְטֶר הָאט בַּמֶערְקְט דָם אַלְטֶע קָאבְּרִיצִיל ווִי קְלֵיין עס אִיזְט אוּנְד עס ווִירְד קוֹים הִינְרֵייכֶן אִים צוּ צוּדֶעקִין אוּנְד זָאגְט זַיינֶם עֶנְקֶעל קִינְד לֶעבּ אִיךְ גְלוֹיבֶּע קוֹים דָאס דִיזֶעם קְלֵיינֶע קָאבְּרִיצִיל זָאל מִיר עטְוַואס פוּן נִיטְצֶען זַיין . דֶען עס אִיז צוּ קְלֵיין . זָא גִינְג דֶר קְלֵיינֶר יוּנְגֶע אוּנ נֶעמְט אַרוֹיס אַקְלֵיין מֶעסֶר פוּן זַיין טַאשׁ אוּנ שְׁנֵייד אִיבֶּר דָם קְלֵיינֶע קָאבְּרִיצִיל אוֹיף צְוֵויי טֵייל אוּנ גִיט דֶעם גְרָאס פָאטֶר אֵיין הֶעלְפְט אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט בֶּהַאלְט ער צוּרִיק אַרוּנְטֶר . דער גְרָאס פָאטֶר הָאט זַיין אוּנְגְלִיק נִיכְט פֶרְשְׁווייגֶן קֶענֶן . דָם נִיכְט גֶענוּג דָאס מַאן אִים זָא הֶערָאבּ גֶווִירְדִיגְט צוּ וואהְנֶן צְווִישֶׁן גֶעפְלִיגֶל אוּנְד נִיכְט אֵיינְמָאהְל אִים מִיט

בֶּעטְצֵייג צוּ פְּרָזֶעהְן זָאנְדֶערֶן מִיט אֵיין קְלֵיין קָאבְּרִיצִיל
וֶועלְכֶם קוֹים גֶענוּג זֵיין וְוירְד אִיהְם צוּ צוּדֶעקִין אִיז נָאךְ
הֶרַאנְגֶעוַואקְסִין אֵיין נִידֶער טְרֶעכְטִיגֶער יוּנְגֶע דֶר אִים אוֹיךְ
דִיזֶם נִיכְט גִינְט. אוּנ הָאט נָאךְ פוּן דִיזֶן דִי הֶעלְפְט אָפּ
גֶשְׁנִיטֶן. דָאס אִיז יַא גְרוֹיזַאם זֶעהְר גְרוֹיזַאם. אוּנ דָאט
אַנְגֶעפַאנְגֶען זַיין אוּנְגְלִיק צוּ בֶּעוֵיינֶן צוּ וָוס עֶר אִיז גֶקוּמֶען
אוּנ הָאט יֶעמֶרְלִיךְ גְוֵוינְט אוּנְד זָא לוֹיט דָם מַאן אוּנְטֶן
זֵיין גְוֵוין גֶהֶערְט הָט. זָא אֵיילְט יָאזֶעף גֶעשְׁווִינְד הֶערוֹיף
צוּם פָּאטֶר אוּנ פְּרֶעגְט אִים אִיבֶּר דֶר אוּרְזַאכֶע פַר וָואס
עֶר וֵויינְט. דֶר אַלְטֶר צֵייגְט אִים דָם הַאלְבֶּע קָאבְּרִיצִיל
וֶועלְכֶם דֶר קְלֵיינֶר אָפּ גֶעשְׁנִיטֶן הָאט אוּנ שִׁילְדִירְט אִים
זֵיינֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע לַאגֶע. נִיכְט גֶענוּג זָאגְט דֶער פָּאטֶער
דָם מַאן מִיךְ בִּיז צוּ דֶעם טִיהְר אַרוּנְטֶר גֶעוָוארְפִין אוּנ
אִיךְ מוּז וואהְנֶן צְווִישֶׁן גֶפְלִיגֶעל. אוּנ מְדָאט מִיר נִישְׁט
קֵיין בֶּעטְצֵייג גֶגֶעבִּין זָאנְדֶערֶן מִיט אֵיינֶעם קְלֵיינִין
קָאבְּרִיצִיל דָם קוֹים הִינֵייכֶען וְוירְד מִיךְ צוּ צוּדֶעקִין. אִיז
נָאךְ אַרֵיין גֶעוַואקְסִין אֵיין נִידֶערְטְרֶעכְטִינֶער יוּנְגֶע דֵיין קְלֵיינֶער
זָאהְן. דֶר מִיר אוֹיךְ דִיזֶם נִיכְט גֶענְטֶע. אוּנְד הָט נָאךְ
דַאצוּ אוֹיךְ פוּן דֶם קְלֵיינֶען אַלְטֶן קָאבְּרִיצִיל דִיא הֶעלְפְט
אָפּ גֶשְׁנִיטֶן אוּנ מִיט וָואס וֶועדֶע אִיךְ מִיךְ הֵיינְט צוּ
דֶעקִין. דֶער ווִינְטֶר אִיז שׁוֹין דָא אוּנְד אִיךְ וֶועדֶע
עֶרְפְרָארֶן וֶוערְדִין. דֶר צָארִין דֶעם זָאהְנֶם עֶנְטְבְּרַאנְטִי
אִיבֶּר זֵיינֶם קְלֵיינֶם יַאקָאבּ. וָוארוּם זָאגְט עֶר צוּ אִים
וָוארוּם הָאסְטוּ דָם גֶטוּהְן דוּא נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶער. וִויא אִיז
מֶען דֶען זָא אוּנְבַּרְמְהֶערְצִיג גֶעגִין אֵיינֶן אַלְטִין גְרָאם פָּאטֶר.

נאך פון דיזען קליינם קאבריציל די העלפט אפ צו שניידן. ניין פאטר . ענטפערט דאס ערלי קינד ניכט אויס אונבארמהערציגקייט געגין מיינן אלטין גראס פאטר האב איך דס גמאכט. זאנדערין אויס בארמהערציגקייט געגען דיך דאס איך מיר דיזע צווייטע העלפט אויף בעוואהרע. אום דיך ליבר פאטר ווען דו אלט ווערדין ווירסט דאמיט צו דעקין. דר יאזעף וואורדי אייסערסט גרידרט פון זיינר קלוגהייט . אונד האט ערשט אן גפאנגען צו פיהלין ווי ער גזינדיגט הט געגין זיינן אלטין פאטר אונד שטיפטר זיינם גליקס . אונד האט אנגעפאנגן צו וויינין אונד זיך צו שלאגין אין הארץ אריין אונ האט דם פאטר אן גנומען ביי דר האנד אונד הט אים גיקושט אונד גבעטן טוזינד מאהל אום פרצייהונג אונד האט אים הערונטר גיפיהרט צוריק אין דיא שענסטע צימר אריין אונד האט אים אויס מעבלירט זיינע צימער אונ דיא בעסטע דינערשאפט אנגישאפט . מיט איינם ווארט דער פאטר ווארדע ווידר הער אים הויזע ווי ער וואר נאך דער האכצייט זיינעם זאהנס . אונד יאזעף וואורדי בייז אויף זיינר פרויא פאר וואס זי האט אים דאצו פערפיהרט געגין איינען אלטין פאטר אונ שטיפטר זיינעם גליקס זיך זא צו פערזינדיגן . יעצט זעה איך ערשט דאס דו ביסט איין שלאנג זאגט ער צו איר . איינע שלאנג ביסטו אין דר פיגור איינר בלומע אונד דוא ביסט מיינר ליבע ניכט ווירדיג . אונד דו האסט אויף מיינר טרייע ניכט מעהר צו רעכענין . דיא יוליע האט דען גאנצין מוהט פרלארען . אונד דר

אַלְטֶר הָאט שׁוין זֵיינֶע לֶעצְטֶע יָארִין גְלִיקְלִיךְ אָפּ גֶלֶעבְּט נָאךְ וָואנְשׁ אוּנְד הָאט זִיךְ גִיפְרֵייעט מִיט זֵיינֶם עֶנְקִיל. דֶר רֶעטֶער זֵיינֶם צוּפְרִידֶענֶן לֶעבֶּנְס אוּנְד זָא וַואר עֶס שׁוין וִוי עֶס זֵיין זָאל׃

## יעדע זאך וואו עס פאסט

עֶס הָאבִּין אַמָאל צוּ זַאמֶען גֶעוַואנְדֶערְט אַפְּלוֹיא מִיט קְרַהַת אוּם אוֹיס צוּ זוּכֶען אֵיין פָּאסְטִיאָנֶעם וואוֹינוּנְג. אוּנ הָאבִּין זִיךְ מִיט דֶער צֵייט אֵיין גֶעקְוַואטִירְט אִין בֶּעזוּנְדֶערֶע פָּאמֶעסְצֶענֶעס. דִי פְּלוֹיא בֵּייא אֵיינֶם שׂוֹרֵה. אוּנ דִיא קְרַהַת בֵּייא אֵיינֶעם בּוֹיעֶר. אוּנ דִיא בֵּיידֶע הָאבִּין דָארְט קֵיין רֶעכְטֶן אָפּ רוּהוּנְג גִיהַאט. אוּנ דַאהֶער אַלְס זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע אַמָאל אוּנְגֶערִיכְטֶער הֵייט צוּ זַאמֶען גֶקוּמֶען. אוּנ הָאבִּין אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶן גֶקְלָאגְט אוֹיף זֵייעֶרֶע גְרוֹיסֶע לֵיידֶען. דִיא פְּלוֹיא הָאט דֶר צֵיילְט פַאר אִיר פְרֵיינְדִין דָאס נָאר קוֹים וִויא זִיא רִירְט זִיךְ צוּ צוּ דֶעם שׂוֹרֵה דָא וֶוערְט לַארֶעם אִיבֶּער לַארֶעם מֶען צִינְט אָן אַלִיכְט אוּנ מֶען זִיכְט אִיר אוֹיס אִין דֶר גַאנְצֶר בֶּעט אוּנ לֶעבְּט אִיבֶּר יֶעדֶער נַאכְט אִין סַכָּנוֹת נְפָשׁוֹת. אוּנ דִיא קְרָחוֹת ווִידֶער הָאט דֶר צֵיילְט אִירֶע צָרוֹת. דָס דֶער בּוֹיעֶר אַרְבֵּייט מִיט אִיר אִין דִיא גְרֶעסְטֶע קֶעלְט. אוּנ וֶוער רֶעט שׁוין פוּן אֵיין דֶעקֶען. פוּן אֵיינֶעם וַוארֶעמֶס טְרִינְקֶען. אִיז בֵּייא זֵייא דַאהֶער גֶעבְּלִיבִּין דָאס זֵיי זָאלֶען זִיךְ מִיט זֵייעֶרֶע קְוַואטִירֶען בֵּייטֶען. אוּנ הָאבִּין דֶר מִיט זֵייעֶר גוּט גֶעטְרָאפֶן. דִיא פְּלוֹיא הָאט גֶעזוֹיגֶען דִיא בְּלוּט

פון בויער ווִיא פוּל זִיא הָאט אַליין גֶעוואָלְט . אוּנ דִיא קְרָחוֹת וַואר דָארְט אוֹיף גֶענוּמֶען גֶעוואָרֶען בַּייא דֶעם שׂררה פַאר דֶעם בֶּעסְטֶען גַאסְט . מֶען הָאט אִיר אַיין גֶעטוּלֶעט אַיין גֶעדֶעקְט גֶעוַוארֶעמְט . אוּנ אָפּ גֶעהִיט ווִיא אבת יחידה :

## אגרויסער חידוש

אַיין גֶעווִיזֶער סוֹחר וָואס אִיזְט אַוֶועק פוּן דֶער הֵיים אִין מרחקים אוּנ הָאט אִיבֶּר גֶעלָאזֶען דָארְט אַיינֶע שֵׁיינֶע פְרוֹיא מִיט צְווייא קְלֵיינֶע קִינְדֶער אַיינֶער אַלְט אַיאָר אוּנ דֶער צְווייטֶער קוֹים עֶטְלִיכֶע מָאנַאטֶען . אוּנ הָאט זִיךְ דָארְט פַאר זָאמְט אַיאָר אַכְט . אוּנ דֶער נָאךְ אַלְס עֶר אִיזְט גֶעקוּמֶען צוּריק אַהֵיים אוּנ הָאט בַּייא אִיר דֶער וויסְט דֶעם זֶעלְבִּיגֶן צָאל קִינְדֶער דָאס הֵייסְט נָאר צְווייא אוּנ כמעט נִיט עֶלְטֶער ווִיא עֶר הָאט זֵייא אַוֶועק גֶעוואָרְפֶען . הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דֶער פְרוֹיא עֶס אִיזְט מִיר אַגְרוֹיסֶער חִידוּשׁ דָאס אַלֶע מֶענְשֶׁן זֶעלְבְּסְט דוּא אוּנ אַזוֹי אַלֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען דָא בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּב הָאבִּין זִיךְ אִין דִיזֶען מֶשֶׁךְ זֵייעֶר פוּל אוּמְגֶעעֶנְדֶרְט אוּנ גֶעעֶלְטֶערְט . נוּן פַאר וָואס גְרַאדֶע אוּנְזֶערֶע קִינְדֶערְלִיךְ זֶענֶען כמעט נָאךְ אַזוֹ יוּנְג אוּנ קִינְדֶשׁ ווִיא אִיךְ הָאב זֵייא אַוֶועק גֶעוואָרְפִין :

## אפּסוק אוּם אפסוק

אַלְס דֶער דוּבְּנֶער מַגִיד אִיזְט גֶעקוּמֶן קֵיין פְּרַאג

וָואס מֶען הָאט שוין דַאן דָארְט שֵׂכֶל גֶעהַאט צוּ הַאסֶען אֵיין פּוֹלִישֶׁען יוּדֶען . אִיזְט אוֹיף אִים אָן גֶעפַאלֶען אַלְס עֶר אִיזְט פַאר בֵּיי גֶעגַאנְגֶען פַאר בֵּייא אֵיינֶער נְגִידֶעשֶׁע הויז אַגְרוֹיסֶער הוּנְד אוּנ אַלְס עֶר הָאט זִיךְ אָן גֶעהֵייבִּין צוּ וֶועהְרֶן מִיט דֶעם שְׁטֶעקִין אוּנ הָאט דֶעם הוּנְט גִינֶעבִּין עֶטְלִיכֶע זֶעצֶען הָאט צוּ אִים דֶער נָגִיד אַרוֹיס גֶעשְׁרִיגֶען דוּרְךְ דֶעם פֶּענְסְטֶער (רשע למה תכה רעך) דָאס הֵייסְט דוּא מֶערְדֶר וָוארוּם שְׁלָאגְסְטֶע דֵיינֶעם גְלֵייכֶען (חבר) דֶער דוּבְּנֶער אָבֶּר הָאט בַּאלְד גִינֶעבִּין רֶעכְטֶע מִיט אֵיינֶעם אַנְדֶערִין פָּסוּק האחיכם יצאו למלחמה ואתם תשבו פה. דָאס הֵייסְט אִיזְט עֶס רֶעכְט דָאס אֵייֶערֶע בְּרוּדֶר זָאלֶען גֵיין אִין שְׁטְרֵייט אוּנ אִיהְר זָאלְט בְּלֵייבִּין זִיצֶען רוּהִיג אִין אֵייעֶרֶע הֵייזֶר. דִיזֶע גֶעשְׁווינְדֶע אַנְטְוָוארְט אִיזְט הֶעכְסְט גֶפֶעלִין גֶעוָוארִין דֶעם נָגִיד אוּנ הָאט אִים אַרֵיין גֶבֶּעטִין צוּ זִיךְ אוּנ הָאט אִים זֵייעֶר שֵׁיין אוֹיפְגֶנוּמֶן . אוּנ גִינֶעבִּין אֵיינֶע גְרוֹיסֶע מתנה :

## איינע זינדע אוים אכט אורזאכען וואס מאכען אוים נור איינע

מֶען הָאט גִיפְּרֶעגְט בֵּייא אֵיינֶעם דִיבּ אִין דֶעם גֶערִיכְטְס הויז . וָוארוּם הָאט עֶר גֶעשְׁטוֹילֶען . אוֹיס אַכְט אוּרזַאכִין הָט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט דֶען אִיךְ הָאבּ אַווייבּ מִיט זֶעקְס קִינְדֶער אוּנ הָאבּ קֵיין בְּרוֹיט :

# קינד אין וואלד

אוואונדערליכע געשיכטע וואס עס האט זיך
פאסירט אוף דוא וועלט וויא
אזו איין בעראהן האט דאס קונד גיפינגן אונ
אוואלד פון דו בעריהמטע רייבער :

ראזשער מוט דוא באנדע :



## ערשטער טהייל

פערפאסט פאן יעקיר גלאצער

דֶער וָואס הָאט גוּרֵייזְט אוּנ בֶּעהֶמוּן הָאט גֶזֶעהֶן דוּא אַלְט
פְּרֶענְקוּשׁוּ שְׁלֶעסוּר דוּ גְרוֹסוּ וֶועלְדוּר מוּט הוֹכוּ בֶּעלְ
דוּ הֵיילוּן וָוס גֶעהֶן דָארְטוּן אוּנְטֶער דֶר עֶרְד קֵיינוּר וֵייסְט אוּנ
זֵיי דוּ וָוגוּן נוּט מֶען וֵוייסְט נוּט דֶעם אַרֵיין גַאנְג אוּנ דֶעם אַרוֹס
גַאנְג פוּן וַואנוּן אוּטְלוּכוּ הֵייל הֵייבְּט זוּךְ אָן אוּנ ווִי זוּ רָאזְט
זוּךְ אוּם שׁוֹן פוּן גַאנְץ לַאנְגוּ יָארוּן אַז זֵיי וֶוערוּן נוּט בַּנוּצְט
צוּ שְׁטְרֵייט בֶּעדֶערְפוּנוּשׁוּן נָאר אַמֵיינֶעסְטוּן הַלְטוּן זוּךְ דָארְטוּן
אוּף רֵייבּוּר וָוס מַאכוּן זֶעהְר אוּמְגְלוּקְלוּךְ דוּא אֵיינְוואנוּר
רָאבֶּעוִוין אוּנ הַארְגוּנוּן אוּךְ פוּל מָאל דוּ רֵייזֶענְדוּ רוּ קוּנוּגְרֵייךְ
הָט שׁוֹן אַלוּ מוּגְלוּכְקֵייט גוּטָא אוּם צוּא רוּמוּן זֵיי פוּן דוּ
דָאזוּגוּ עֶרְטוּר שׁוֹן נוּט אֵיין מָאל הָאט מֶען זֵיי פוּן דָארְטוּן
פַאר טְרוּבּוּן אָבּוּר אוּנ אַקוּרְצוּר צַייט בֶּזֶעצוּן זֵיי זוּךְ דָארְטוּן
וַויטוּר . אוּנ דֶער צַייט וָואס אוּנְזוּר גוּשׁוּכְטוּ הֵייבְּט
זוּךְ אָן הָאט גוּהֶערְשְׁט אוּבּוּר דוּא רֵייבּוּר אַשְׁרֶעקְלוּכוּר
מֶענְטְשׁ מוּטוּן נָאמוּן רָאזְשֶׁער פַאר וֶועלכוּן דוּא
רֶעגוּרוּנְג הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכוּן אַגְרוֹס רֵייכְטוּם צוּ שֶׁענְקוּן
דֶעם דָאזוּגוּן וָואס וֶועט אוּם בְּרֶענְגוּן טוּט אָדוּר
לֶעבְּדוּג פַאר זַיין נָאמוּן הָאט גוּצוּטֶערְט דֶער גַאנְצוּר
גֶעגֶענְד דֶער רָאזְשֶׁער הָאט זוּךְ אוּנ דֶער צַייט דָאס
צְוֵוייטוּ מָאל בֶּזֶעצְט אוּנ דוּ דָאזוּגוּ וֶועלְדוּר אוּנ אוּבֶּר אַנֵיים
גוּמַכְט זֶעהְר אוּמְרוּהוּג דוּא אֵיינְוואנוּר אוּנ דוּא רֵייזֶענְדוּ :

נוט ווייט פון דו וָועלְדִיר איז גִישְׁטַאנִין אַיין אַלְטִיר שְׁלָס
וָועלְכִיר עָס הָט גִיהֶערְט צוּ זָעהְר אַרַייכִין בַּארָאן
פְרִיצֶערִין דָר שְׁלָאס אוז גְוָועזִין זָעהְר פֶעסְט אַרוּם גוּבוֹאוּט
מִיט גְרוֹסוּ טָארוּמוּם מוּט אַייזִירְנִי בְּרִיקִין אוּנ פַאר בְּרַייטֶערְט
מוּט פוּל גְוָועער דָר בַּארָאן אַלֵיין הָט אוּנ דוּ יוּנְגוּ יָארִין גְדֶינְט
אוּנ מוּלִיטֶער אוּנ הָאט זוּךְ פַר דוּנְט אַגְרוֹסִין נָאמִין רֶרִים
אִיז עֶר גִיזֶעסִין אוּנ זַיין שְׁלָאס גִרוּהוּג אוּנ אוּז גְוָוען גַאנְץ
זוּכוּר אַז עֶר וָועט קֶענִין בַּיי שְׁטַיין אֶקֶערִין רָאזְשֶׁערִין מִיט
זַיין גַאנְצֶר בַּאנְדוּ אָדוּר אַקֶענִין אַנְדוּרוּ רֵייבִיר וָוס פְלֶעגוּן
אוּנ דָר צַייט זַיין זַייער בְּנִמְצָא דָר בַּארָאן פְרִיצֶערִין הָט גִיהַט
נַאר אַיין אַיינְצִיגִי טָכְטִיר פוּן זוּבְצָעהְן יָאר מוּטוּן נָאמוּן
קְלִימֶענְצִיָע עֶר הָט זוּ עָרְצַייגוּן אוּנ אַיינִים מוּט אַפְרֶעמְד קוּנְד
וָוס עֶר הָט גוּפוּנוּן אוּנ וַואלְד דָם קוּנְד הָט גִיהַייסִין מִיט זַיין
נָאמוּן ווִיקְטָאר עֶר אוּז גְוָועָן אוּנ אַיינוּגוּ יָארוּן מוּט
קְלִימֶענְצֶען זֵי הָאבוּן זוּךְ צוּ זַאמִין עֶרְצַייגִין גְלַייךְ וִויא בְּרוּדֶר
אוּנ שְׁוָועסְטוּר עֶרְשְׁט נוּט לַאנְג הָאט ווִיקְטָאר עֶרְפַארוּן אַז
עֶר אוּז אַפְרֶעמְדוּר אָבִיר קְלִימֶענְצֶע הָאט נָאךְ דֶער פוּן נוּט
גְוִויסְט זוּא הָאט אוּם גִירֶעכִינְט פַאר אַלַייבְלוּכוּן בְּרוּדוּר
אוּנ הָאט אוּם גוּלוּבְּט וִויא אַבְּרוּדוּר אוּנ בֶּאֱמֶת אוּז עֶר
וָוערְט גְוָועזְן מֶען זָאל אוּם לוּבּוּן עֶר אוּז גְוָועזְן שַׁיין
נוּט אוּנ פְרוּם אוּג אוֹךְ זַייעֶר גוּרָאטוּן זוּנְט ווִיקְטָאר אוּז
גוואר

גוואר געווארין אז קרימעגצע וואס ער איז געוועזין פרור צו אור
צוא גובונדין וויא אברודור איז אום נוט קיין שוועסטור הט
זוך זיין לובשאפט צוא אור פאר בוטין אוף איין אנדור
לובשאפט אונ דו דאזוגו נאייע לובשאפט הט אן גוצונדין
אשטארק פייעור אונ זיין הארץ ער הט אבור גוויסט אן
צו דר לובשאפט וואס ער הט גווינטשין קאן ער נושט גרייכון
ער הט גאנץ גוט ברעכונט אז אזא גופונון קונר ווי ער וואס
מען ווייסט נוט פון זיינו עלטורון קען נוט ווערין דעם גרובין
אונ רייכין באראן פריצערינס איידים נעמין זיין איינצוגו
טאכטר די גערומטו קרימענציע פר אווייב ער האט זוך אבר
גופארכט אונ איינום מוט אור לענגיר צו זיין ער זאל נוט
פארפורט ווערון פונים יצר הרע אונ זאל נוט קומן צוא
זונדוגון קענון גאט אונ קענון זיין ערצהער אונ אוך חלילה
אומגליקליך מאכין קרימענצען ווערכי ער האט
גולובט מער וויא זוך אליין ער האט זוא גולובט
אוואהרע לובשאפט ער וואלט אוועק גוגעבין זיין גליק
גלוק מוט זיין לעבין נאר קלימענציען גליקליך צו מכין אבור
נוט זו צו פר פוהרון אונ מכון זו דורך דם אומגליקליך ניין ער
הט דא אונ שראס נוט גיקאנט וואטיר ברייבון אוב וואר ער
איז גוועזן זייער פרים אונ ערליך דאך הט ער נוט גיטרט גרובין
אוף זוך אליין אונ דער צו וואלט ער נוט גוקאנט צוא זעהו
וויא

ווי קלימענציע קומט אן צו איין אנדורון צו זעהין זיין גיליבטי אונ דר שוס פון אפרעמדין ער וועט דאס נוט קענין ארובור טראגינצו רוק אביר. אוז אום אוך זיי ער שרעכט גוועןס ער הט גוויסט אז פריצערין וועט נאך אום זייער טרואורון ער הט דך אום ערצוינגון ווי איין אייגון קונד אונ זוך אונ אום אלי מאל גיקאנט זאט אן קוקון וויקטאר הט זוך ווי פול מאל גיפריפט בעטין ביא פריצערין ער זאל אום ערלויבון רייזין אוף דער וועלט (באמת האט ער גימיינט אוועק גיי. אוף אייביג) דער כאראן הט אום אובור אלי מאל מוט פאר דראס אוים גרעט אונ מוט טרערין אונ דו אוגון גישטראפט פר וואס ער וויל אום אויף דער עלטיר אוועק ווארפין פר דעם גיטס וואס ער הט אום גוטאן אט אונ אזעליכי גידאנקין איז וויקטאר טאג אונ נאכט גוועןפר טראכט ער הט נוט גוויסט אוף ווס זוך צוא ענטשלוסון א טלופון אוז שרעכטיר אובור בלייבין אוז נאך ערגיר אמאל אוז וויקטאר ארים האלבי נאכט גיזעסין אייניר אליין אין זיין צומור פאר טיפט אונ זייני גידאנקין ער איז גיזעסין אן גוי ספארט אויף דוא ערינבוגונס אן פענצטיר אונ אונטיר גיהאלטין מוט דוא הענט דעם קאפ דוא לבנה האט בעלאכט דאס פעלד אונ דאס וואסיר וואס האט ארום גורונגילט זעם שלאס וויקטאר האט גוקוקט פונום אפונום פענצטר ער האט אבור נאר נישט פאר זוך גיזעהן

זייני

זייני אוגון זָענון אוּם גוֶועֶן פַאר לָאפּוּן מוּט טְרֶערִין זַיי זָאגִין
אוּם גוּשְׁטַאנִין וְוִיא צוּא גִיזָאדִיגִי זַיי הָאבִּין זוּךְ פוּן אָרְט
נוּשְׁט גוּרוּרְט ָער הָאט ָדעם ָקאפּ אָן גִישְׁלָאגִין פִיל מוּט
גִידַאנְקִין זַייעֶר בִּיטִירִי גִידַאנְקִין ָעס אוּז בַּיי אוּם גִיבְּלִיבִּין
וָוס צוּם נֶעכְסְטוּן אוּם צוּא פוּרוּן זַיין פְּרַאן ָער הָט גִיזֶעהְן
אַז ָער מוּז אַנְטלוֹיפוּן ָער מוּז זוּךְ שֵׁיידִין מִיט זַיין ָערצִיהָער
וָוס הָאט אוּם גִיטָאן גוּטְס מֶער וְוִי אַפָּאטִיר זַיין סוּנְד ָער
מוּז זוּךְ שֵׁיידִין פוּן קְרִימֶענְצִיֶען.פוּן דָר לִיבְּלִיכִיר,קְרִימֶענְצִיֶען
דוּ דָאזִיגִי גִידַאנְקִין הָט אוּם גָאר זַייני קְרֶעפְטִין פַר שְׁלַאפְט
אוּנ הָט אוּם אַטַייךְ מוּט טְרֶערוּן פוּן דוּ אוֹגוּן אוּם גִיפְּרָאסִין
ָער הָאט זוּךְ אָבִּיר דְרוּף גִימִיזְט שְׁלִיסִין ָער הָאט קֵיין
אַנְדוּר בְּרֵירָה נוּט גִיהַאט ָער טַאכְט צוּא ָדעם פֶענְצְטִיר
אוּנ וְוִיל פוּן אוּם אַוֶועק נֵיין לַייגוּן זוּךְ אַבּוּסוּר רוּאוּן
פְּלִיצְלִינְג דֶער הֶערְט ָער אַגוּשְׁרֵייא אוּפִין פֶעלְד
מֶען שְׁרַייט מִיט אַבִּינִימֶענוּם קוֹל ָער לוּפְט אַרוּס אוּפוּן בַּלְקאן
וָוס אַקֶעגִין פֶעלְד ָער הֶערְט זוּךְ צוּ צוּ דָר שְׁטִימִי וָוס שְׁרַייט
ָער דָר הֶערְט דוּ וָוערְטִיר אַךְ טַייטֶעט בֶעסִיר מִיךְ אִינְלָזְט לֶעבִּין
דָאס קוּנְד דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכִין יָתוֹם דָס אוּז מַיין זוּן אִיךְ הָאבּ
מִיר אִים צוּ גוּנוּמוּנְפַאר אַזִין ווִיקְטָארִין הָט אָן גִינִימִין אַשְׁרֶעק
דָס גִישְׁרֵיי מִיט דוּ דָאזִיגִי וָוערְטִיר ָער קִיקְט זִיךְ צוּא צוּא
עֶהוּן וֶוער זָאלִין נֶעבִּיךְ זַיין דִיא אִימְגְלִיכִי וָועלִיכִי
הָאבִּין

האָבּין ניט קיין רעטונג פון די מערדיר וואָס ווילין זיי דעם לעבּין אַוועק נעמין ער זעהט נאָר אַשׁוועדר וואָס פּאַכט זיך אונ די לופטין אונ שיינט אָפּ אַקעגין דר לעכט פון דר לבנה וויקטאר וועקט אויף גושווינד זיין באַדינטין זיי נעמין ביידי פּיסטאלין אונ די הענט אונ דעם שלוסיל פון דעם קליינעם טויער פון שלאָס ווערכער גייט אַרוס גלייך צום פעלד (ביי דם טויער איז קיין גראָבּין נוט געווען מען קען פון אום גלייך אַרוס צום פעלד) זייא עפינין דעם טויער אונ לופין גלייך צום אָרט פון וואַנין וויקטאר האָט גוהערט דוא ווינונדיקו קולות מוט די שרעקליכו ווערטיר אונ פון וואַנין עס האָט זיך גוזעהן דאָס בּרוצין פון שווערד. וויקטארין האָט אָנגיהאַפּט זייער שטאַרק ביי דעם האַרצין ער האָט זיך גופּאַרכט זיי זאָלין נוט פּאַר שפּעטיקין עס זאָל דער וייל נוט פּאַר גאָסין ווערין קיין בּלוט זייא לופין גושווינד אונ רורין קאַם אָן מוט די פוסי אָן דר ערד די מערדיר זאָלין נוט דר הערין זייערי טריט וו זייא זענין אָפּ גולאָפּין אַזוי וויא צוויי הונדערט טרוט אונ האָבּין זיך פּאַר שטעלט אונטיר אַבּוס האָבּין זייא דער זעהין נאָר נאָהונט לעבּין זיך אַבּגעבראָכטו פרועמנצמער שטייט אויף דוא קנוּעה אונ האַלט צוא גיקוועטש צום האַרצין אַקוּנד פון אַיאַר פינוף דריא מענטשון מוט אַשׁרעקליכון גושטאַלט שטייאון לעבּון איר אונ האלטין

האַרטון זייעור געוועער אָן גושטעלט צוא אור האַרצון אונ
אגון צו אור ווָם האָסטו גוהערט וואס האָסטו גוזעהן ענטפּער
גוך ווען נוט ווערסטו באַלד גוטייט או וייא אוך האָב גאָר
נושט גוזעהון אונ גאר נושט גוהערט וואס האָסטו גוזאָגט
לאָמור אַנטלופון מיין קונד אוך האָב דם גורעט פאַר שרעק
אונ דער פונצטערנוס פון דר נאַכט אונ אַזא פירכטערלוכון
אָרט דו האָסט אָבור אוך דוזו ווערטור גזאגט אוב חלילה
ראָזשער אַליין אוז מוט זייא אוי ראָמור אַנטלופון איך האָב
גוהערט פון ראָזשערון אַז ער אוז איין ערצטור פון שלעכטו
מענטשון : דוא קאָנסט אום : וועער אוך : ברודור לאָמור
זו טוט שראָגון זו זאָגט ניט דיא וואָרהייט זיא פאַר מושט
זיך אין דיא רייד אודר גלייכר לאָמיר טייטין דם קונד אונ זו
לאָמור אַוועק פירין צו אונזר ערצטון דוא פרויא אוז אום
בוקאַנט זו מוז אום גווים זיין בקאנט עס איז זוכור אַזו דיא
דריי מערדור האָבין שון גוואָלט ענדעקון זייער מערדוריי זיי
האָבון שון אום גורוסון דם קונד פון אורו אָרומס עס האָט
זיי נוט גרורט דם גוויין אין דם געבעט פון דר פרויא אונ דאס
יאָמערלוכו גושריי פון דעם קינד זייא האָבין שיער אונ איין
אונוונבלוק זיין בלוט פאַר גאָסון אָבור אונ דער ווייל האָט
וויקטאַר אום גושאָסון אונ הט גלייך איינום דער שאָסון
דער אַנדערער האָט גוואָלט אַנטלופון וואָלי ענטון. וויקטאָרם

דִינֶער הָאט אוּם אָבּוּר דֶער קֶענְט אוּנ הָאט אוּם גוּטֵייט דֶער דְרוּטֶער אָבּוּר .זוּ אַנְטְקָאפִין .דיא פְּרוֹיא אִיז גְפַאלְין אוּנ אוּמַאכְט וָואלְיֶענְטוּן הָט זוא גוּנוּמוּן אוֹךְ דיא הֶענְט אוּנ וִיקְטָאר הָאט צִי גוּקְוֶועטְש דָם קוּנד אִין זַיינוּ אָרוּמְס אוּנ עֶנִין גִישְׁווִינְד גְרָאפִּין צוּם טוֶער אוּנ זֶענוּן אַריין אוּנ שְׁרָם דר טוֶער הָ בּוּן זַייא פֶּעסְט צוּ גוּשְׁרָאסוּן אוּנ הָאבִּין גְבְרָאכְט צוּא טְרָאגִין זַייעֶרוּ טַייעֶרוּ לַאסְטוּן אוּנ הוֹז מוּט גְרוֹם פְּרֵייד אוּנ זוּסוּ לוּסְטוּקֵייט וָואס גָאט הָט זַיי בַּאגְלוּקְט צוּ רֶעטוּן צְוֵויי מֶענְטְשִׁין פוּן אַ אוּמְשׁוּלְדוּקוּן טוּט : דָד וֵוייל אִיז דוּ רוֹי גוּקוּמוּן אַבּוּסוּל צוּ זוּךְ זִיא קוּקְט זִיךְ אַרוּם וִויא פַּאר דוּלְם וִויקְטאר פְּרֶעגְט זוּ וֶוער זוּ אוּנ וִוי קִימְט זוּ אוּנ מוּטוּן דֶער נַאכְט אוּנ אַזֶא וִויסְט אָרְט • גוּטֶער מֶענְטְשׁ פְּרֶעגְט מִיךְ נִיט וֶוער אִיךְ בִּין פֶּעדְלַאגְט נוּט אוֹךְ זָאל אַייךְ דֶען צֵיילוּן מַיינוּ אוּמְגְלוּקוּן וָוס אוּךְ בּוּן אוּם גְשְׁטַאנוּן אוּנ מַיין רֶעבִּין אִיךְ קֶען אַייךְ נִיט דֶער צֵיילוּן דוּ שְׁרֶעקְלוּכוּ גוּשׁוּכְטוּ אִיךְ הָאבּ אוֹח זוּךְ גוּנוּמוּן אַז אוּךְ זָאל פַּאר שְׁלוּסוּן מַיין גוּשׁוּכְטוּ אִין מַיין הַארְצוּן אִיךְ זָאל פַּאר דֶעקוּן מַיינוּ אוּמְגְלוּקוּן פוּן אַלוּ מֶענְטְשׁוּן נָאר דֶר טוּט אַליין וָועט הַיילוּן מַיינוּ וְוִינְדוּן פוּנוּם הַארְצוּן אָבֶּער קַיינֶער וָועט נוּשְׁט וִויסוּן אוּר קֶענְט נָאר וִוסוּן אַז אוּךְ בּוּן אֵיין אָרוּמוּ פְּרוֹיא אוּךְ הָב נוּט קַיין הֵיים אוּנ נוּט קַיין קְרוּבִים אוּנ קַיין פְּרֵיינְד דוּא פְּרוּיא

פְרוֹיא װִישְׁט דוא אוֹגוֹן אָפּ אוּנ דֶער צַייְלְט וַוייטוּר אוֹךְ בּוֹן גוּזֶעסוֹן אוּנ אַדָארְף. נוּט וַוייט פוֹן פְּרַאג אוּנ אֵיינוּם מוּט אֵיין אָרוּמוֹן בּוֹער וָואס אִיז גְשְׁטָארְבֶּעֹן זַיין וַוייבּ אִיז נָאךְ אוּם אוּה אוּנ גֶעכוֹן פַאר צַער גֶשְׁטָארְבּוֹן אוּנ אוּבּוּר גוּלָאזְט אוּף מַיינוּ הֶענְט דָם קוּנְד אוּךְ הָבּ גוּנוּמוֹן דֶעם בּוּטָערוֹן יָתוֹם צוּ מוּר אוּךְ זָאל אוּם דֶער צוּהֶן טָאמוּר וֶועלוֹן מוּךְ פַאר דֶער מִצְוָה מַיינוּ אוּמְגְלוּקוֹן אוּף הֶערוֹן נָאבּ צוּ יָאגוֹן אָךְ אָבָּר נַיין מַיינוּ אוּמְגְלוּקוֹן שַׁיידוֹן זוּךְ פוּן מוּר נוּט זַיי פַאר לָאזוֹן מוּךְ נוּט זַייא וֶוערוֹן גָאר נוּט מוּד מוּר נָאה צוּוא לוּפוֹן עֶס הָט זוּךְ אוּנ דַארְף פְּרוּצְלוּנְג אָן גוּצוּנְדוֹן אַפַּייֶער אוּנ הָט פַּר בְּרֶענְט כִּמְעַט דָם גַאנְצוּ דָארְף הָאבִּין שְׁלֶעכְטוּ מֶענְשׁוֹן שׁוּלְדוּג גוּמַאכְט מוּךְ אוּנ דֶר שְׂרֵפָה אוּךְ הָבּ גוּמוּזְט אַנְטְלוּפוֹן אוּךְ הָאבּ גוּנוּמוֹן אוּף מַיין אָרוּם דֶעם בּוּטָערוֹן אוּנ פוּנְצְטוּרוֹן יָתוֹם אוּנ בּוּן אַוֶועק גְגַאנְגוֹן וְוִי הוֹן דוּא אוֹגוֹן וֶועלוֹן מוּךְ טְרָאגוֹן אָנְטְלוּפוֹן וַוייטוּר פוֹן מַיין אוּמְגְלוּק טָאמוּר וֶועט זוּךְ גוּפוּנוֹן אַמֶענְשׁ וָוס וֶועט זוּךְ אוּף אוּנְז דֶער בַּארוּמוֹן הַיינְט אָקֶעגוֹן נַאכְט הָאבּ אוּךְ פַר בְּרָאנְזוּט אוּנ דוּא דָאזוּגוּ וֶועלְדוּר צוּ וְוישׁוֹן דוּ שְׁרֶעקְלוּכוּ בֶּערְג אוּנ טָאלוֹן דָאס קִינְד אוּז אַנְטְשְׁלָאפוֹן גְוָוארוֹן אוּף מַיינוּ הֶענְט אוּךְ הָאבּ אוּם אָבֶּר נוּט מֶער כֹּחַ גוּהַאט אוּף מַיינוּ הֶענְט צוּ טְרָאגוֹן אִיךְ הָאבּ מוּךְ אַנוּדוּר גוּזֶעצְט אוּנ הָבּ

אִיםְ

